חיים שוואַרץ

# זון איבער וואָלקנס

## לידער און פּאָעמעס



אַרויסגעגעבן פֿון
חיים שוואַרץ בוך-קאָמיטעט
לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפֿאָרניע
1986

## פון דעם זעלבן מחבר:

ערשטע בליטן (לידער) 1928, סט. לואיס, מיזורי
דער גרויסער געראַנגל (לידער) 1943, לאָס אַנדזשעלעס
אונדזער דור (לידער) 1950, לאָס אַנדזשעלעס
אין שײַן פֿון באַגינען (לידער) 1968, לאָס אַנדזשעלעס
ליכטיקע שטיגן (לידער) 1975, לאָס אַנדזשעלעס
זון איבער וואָלקנס (לידער) 1986, לאָס אַנדזשעלעס



# ZUN IBER WOLKNS
## (SUN ABOVE CLOUDS)

by

CHAIM SCHWARTZ

Los Angeles, Calif.
1986
PRINTED IN THE U.S.A.



(דאָס בילד פֿאָטאָגראַפֿירט פֿון אַהרן שוואַרץ)

חיים שווארץ

מיין טייערער לעבנס-באַגלייטערין

**רות׳ן**

מיט ליבע

## עקזעקוטיווע פון חיים שוואַרץ בוך-קאָמיטעט:

פסח וואָלקאָוו, פּאַרזיצער • פאַניע בערנשטיין, פינאַנץ־סעקרעטאַר
דזשאָו קאָרן, קאַסירער

אברהם און גאָלדע מאַימודעס, אייב און צירל דאָבזשינסקי, משה און פלאָרענס שטראַסבורגער, עוועלין אַלעקסאַנדער, בערנאַרד און סיליע וואָלקאַס, דאָראַ ביירעק, דזשאָו און ראָוז גרינשפּאַן, עלקע ראַנטש.

## ספּאָנסאָרס פון בוך-קאָמיטעט:

אהרן שוואַרץ
שיינדל טאַנגרי
סטענלי, פרענסיס בונין
דזשאָו, לילי קאָרן
שטאָט קאָמיטעט עמאַ לאַזורוס
עוועלין אַלעקסאַנדער, פסח וואָלקאָוו
מאָריס, גאָלדע שוואַרץ
בערנאַרד, סיליע וואָלקאַס
משה בלאַס
טשאַרלי וועקסלער
יוסף, יעטאַ וויניק (פלאָרידאַ)
אַנאַ שאַפּיראָ
סיליע רייפמאַן
נייטן פּאַרמאַנסקי (פלאָרידאַ)
הערי לעין
מיני ביאַליק
פסח, שוירלי נאָוויק (ניו־יאָרק)
וועסט־סייד שיקאַגאָ קלוב
יידישער פאָלקס־כאָר
נייטן פּאַרמאַנסקי (פלאָרידאַ)
ישראל לאַקרעץ
סיי, שוירלי וויסמאַן
(סעוואַסטאָפּאָל, קאַליפ.)
סיליע קאָלטאָן
(לזכרון נייטן קאַרפּילאָוו)
פאַניע בערנשטיין
נייטן קאָהען
לוסי לעבאָוויצקי (ניו־יאָרק)
פעי לובין, רעי מענדלסאָן
אַברהם, גאָלדע מאַימודעס
משה, פלאָרענס שטראַסבורגער
יוסף, ראָוז גרינשפּאַן
אַלבערט, פערל פּייגלסאָן
מלכה ניומאַן
אומאַ, פייגל זימערמאַן
רעי גערטלער
ראָנטש לייען־קרייז
עלקע ראַנטש
מעלאָר, טאַובאַ מיכאַלאָווסקי
הערי, סאָניאַ בראָנפמאַן
סאָבעל בענדער־מאַלאָטניק
דען, דזשולי מאַלאָטניק
וויליאַם דאַנזיק
בעקי בערגמאַן (ישראל)
רעבעקאַ אייזנמאַן
אַנאַ גאַטפריד
דזשוליוס, דזשענעט קאָהען (ניו־יאָרק)
פּאָול מונדעל
יוסף ראַפּאָפּאָרט (סאַן פראַנציסקאָ)
דאָראַ וואָראָנסקי (סאַן פראַנציסקאָ)
מאַרשאַ נאָבלער
דזשאָיס מונדעל
הערי ראָבינס
שרה גוטפריינד
אַמעריקאַנער יידישער כאָר
אַטלאַס ראָנדאָ
סעם קופּערמאַן
הערי, מעריאַן הערבסט
אהרן, דוואָשע לעבאָוויצקי
פערל סעגנער
אַרנאָלד, פעני בראַון
אַברהם סאָבל
שרה סווערדלאָוו
דזשעק, בעטינאַ דינצער

ליאָ, מילי האָראָוויץ
יאָיאָ טאַרלאָו
סאָפּי קלערמאַן
איידאַ בערנשטיין
יאָסל, דזשאָיס לובין
(דיילי סיטי, קאַליפ.)
בעי סיטי קולטור קלוב
דאָרע ביירעק
דזשעק מילער
סאָפּי סילווער
גרייס, פּיליפּ קאַופמאַן
גוסי סאַוועל (סאַן פראַנציסקאָ)
סעם וועסט (סאַן פראַנציסקאָ)
מאַלי גאָטפריד (לאַגונאַ הילס, קאַליפ.)
אסתר ענטין
ראָוז קאָהען

חיים, רבקה קאָהען
פרעד, נינאַ פייערסטאָן
מאיר, גרוניע ראַבינאָוו
שרה שטראַוס
סאָל, ראָזאַלין ראָטשטיין
מערי קרעמער
מאַניע בענדער
מרים בראַון
לינאַ פאַרבער
קלאַראַ קראַוס
מיוריעל ראָטבלאַט
רוט עפּשטיין
סערע הענקין
פּאַולאַ קאָרן
חנה גלאַס
אירווינג פעלדער



## איך דאַנק האַרציק אַלעמען...

פאַר העלפן אַרויסגעבן דאָס בוך „זון איבער וואָלקנס“. אַ דאַנק אונדזער זון א ה ר ן פאַר זיין טעכנישער הילף אין צוגרייטן דעם ענגלישן טייל פון בוך. אַ ספּעציעלן דאַנק דעם זעצער, שמחה גילדער, פאַר זיין פריינדלעכער קאָאָפּעראַציע.

**חיים שוואַרץ**

# אינהאַלט


צו מיין אַכט צענדליקסטן — 7
מיין קאָפּ און מיין האַרץ — 9
יידיש, מיין געליבטע — 10
איך קוק אין שפּיגל — 13
די טויערן פון פאָלק — 15
ליידיקע שטולן — 16
פון נעכטן ביז הייַנט — 18
די שכנים — 21
נאָך אַ מאָל — 22
פיר שוועסטער — 24
זיין שוועסטער, די מוזינקע — 27
די אָלימפּיק קאַרוסעל — 28
דער וויצלער — 30
מיט צער און לויב — 32
ווי זייט איר? — 34
דער קרייז פון יאָר — 36
דער אַפּטייקער — 38
דער אָפּגעשפּאַרטער אוצר — 40
מיין באַגלייטער, דער זכרון — 43
אין אַ לבנה־נאַכט — 44
שלום — יאָ, מלחמה — ניין — 45
דאָס ליד פון קינד — 47
דער פעסטיוואַל פון ליכט — 49
אַוועק איז נאָך אַ יאָר — 50
צאָרן און טרייסט — 52
ווי די פּאַלמע ביי מיין פענצטער — 54
מיין ביבליאָטעק — 55
ווי גרינג עס איז — 56
ס'פּאַלט נאָך אַ קינד — 57
מיינע טעג — 59
מיין אוצר, דער זכרון — 60
דער קאַמפּאַס — 62
קינדער־טעג פאַרפלויגענע — 63
זיידע, לערן מיט מיר יידיש — 67
אַ מאַמען פאַרגעסן? — 70
אַ ברכה מאַכט מיין האַרץ — 71
אומזיסטער געלעכטער — 73
די שחיטה אין גואַנאַ — 74
זיי וואַרטן — 75
איך זאָג צו זיך — 76
מיין יידיש לשון — 77
דער פּיאַניסט — 79
איך האָב אַ טרוים — 83
אַמאָל און הייַנט — 86
מיין ליד — מיין ערשטלינג — 87
טעג פון יידישער גבורה — 89
איך זוך נאָך אַלץ — 92
דעם אַשמדאַי'ס געלעכטער — 93
עס מאַכט זיך אַמאָל — 95
דער ניגון פון האַרץ — 96
שלום עכשיו — 98
דער אָנהייב — 100
געלעבט, געקעמפט — 102
אייגענע מענטשן — 104
שלום־עליכם — 105
זיין טרוים איז מיט אונדז — 107
צום זעכציקסטן מאָל — 109
ער גייט אַוועק — 112
אַזאַ מהלך — 113
איך טראָג נאָך אַלץ — 115
דער באַרג פון גאָלד — 117
פלאַטער, מיין ליד — 120
פאַרשעם ניט די נעכטיקע לידער — 121
צי ווייסטו, ווי לאַנג? — 123
דער געבענטשטער זינגער — 124
דער האַנט־דרוק פון שלום — 126
„די ליבערטי־בעל" — 127
דאָס ליד פון ערשטן מאַי — 129
ווי מעסט מען אַ מענטש? — 131
ס'דרייט די ראָד זיך — 132
לאָז ניט אָפּ פון מאַמע־לשון — 133


## איבערזעצונגען פון אַנדערע שפּראַכן


2 לידער פון אַמעריקאַנער רעוואָלוציע:
1) צערייסט די קייט — 135
2) די שיסער פון בענינגטאָן — 136
וויעטנאַם מלחמה־מאָנומענט — 137
צו די קינדער — 139
אַ בריוו דער מאַמען — 141
אַ געזאַנג צו די זינגער — 143
מיין היימלאַנד — 145

## צו מיין אַכט צענדליקסטן...

אין יענעם קלאָטן ווינטער־טאָג,
האָב איך דען מיין געבורט
מיט ווילן אייגענעם מיר אויסגעקליבן?
ווי יעדער בוים,
וואָס שענקט דער וועלט זיין רייפע פרוכט,
האָט צייט מיך אויך אַוועקגעשענקט
צו לעבן און צו ליבן.

האָב איך — אַן אומגעריכטער —
גענומען דעם געשאַנק,
און, איינגעשפּאַרט,
מיט ציין־און־נעגל אָפּגעהיט אים;
אַ וויסטער שטיין האָט אָפט
אַוועקגעלייגט זיך פאַר מיין גאַנג,
נאָר כ׳האָב מיין לעבנס ליבע־גאָב
אויף שנאה ניט פאַרביטן...

פון טיף אין מיר האָט נסימדיק
געשפּרודלט און געקוואַלט
אַ הייסע ריטשקעלע
מיט זוניקייט באַפליגלט;
און עפּעס אַזאַ ניגון דאָרט
געברומט האָט און געשאַלט,
ווי ער וואָלט אויף אַ לעבן־לאַנג
מיין גורל שוין פאַרזיגלט.

האָב איך ביז מיין אַכט־צענדליקסטן
אַזוי שיון דורכגעשפּאַנט,
פון האַפערדיקער ציטערניש געפאַנגען,
אַריינגעקייטלטער אין דור מיינעם
צוזאַמען און ביינאַנד,
אַן אָנגעזאָטלטער מיט לויטערע פאַרלאַנגען;

דער וועג איז לאַנג געווען,
יסורימדיק צוּמאָל;
די העלע זון אַ שלונג געבן
דער כמאַרע אָפּט פֿאַרגלוסט זיך...
נאָר קיינמאָל האָט ניט אויסגעצאַנקט
דער אויפֿבליץ פֿון פֿאַראָל,
דער דאָרן האָט געפֿלעמלט
צווישן מידברדיקע קוסטעס...

איך שטוין נאָך אַלץ
פֿון גרויסן וווּנדער פֿון באַשאַף
פֿון איין פֿאַרגייענדיקן דור
ביז צו אַ צווייטן;
ביים נס פֿון קאָסמאָס שטוין איך און
איך גאַף,
ווי ביי דעם קלענסטן זשוקעלע,
וואָס לעבט אויף אַלעם גרייטן...

האָב איך מיין האַרץ־געדראַנג אַריינגעוועבט
אין ליד,
און אָפֿן איז עס,
ווי אַן אויפֿגעוויקלטע מגילה:
ביי מיין אַכט־צענדליקסטן
מיין בליק איז אַלץ נאָך צו דעם מאָרגן
צוגעשמידט,—
איז יעדער טאָג מיינער
אַ טרעפּל צו געגאַרטע צילן...

(דעצ. 25, 1983)

# מיין קאָפּ און מיין האַרץ...

מיין קאָפּ איז אַ קאַרב מיט די לויטערסטע טרוימען,
צו מאָרגנס פון פריידפולע פרילינגס געוועבדט:
די נעכטנס פאַרלאָפענע — פרוכטבאַרע זוימען,
פאַרזייט אין געראַנגל מיט פלייסיקע הענט.

מיין האַרץ איז אַ פעלד, פון דער צייט דורכגעאַקערט
מיט מעסערס פון זאָרגן, פון לאַסטן און מי:
אַ ווו-נאָר ס'האָט אומרו מיט בייז זיך צעפלאַקערט,
האָט זי פון דער ווייט מיר געגעבן אַ ברי...

אַריבערגעשפּאַנט האָט די אומרו די מיילן,
אַריבערגעטראָטן די שוועל פון מיין הויז;
געצילט האָט איר אָטעם אין בלוט אירע פיילן
און שווער זיך געלייגט, ווי אַ שטיין, אין מיין שוים.

די צייט, ווי מיט כּישוף, דאָס פעלד האָט צעגראָבן
מיט ליבער עקשנות די ווילד־גראָז געיעט:
געיאָגט כ'האָב די גיפטיקע שאָטנס, ווי ראָבן,
כדי היטן פאַר מאָרגן די פרוכטיקע זעט.

וואָס שווערער די משא — אַלץ העלער די פונקען,
זיי האָבן פון באַרג-שפּיץ געמאַניעט: אַרויף!
אין שאָטנס און ליכט כ'האָב די פוסטריט געטונקען
נאָר טיף אין מיין האַרץ האָט געיובלט — כּי טוב!

מיין קאָפּ איז אויך היינט נאָך אַ קוישל מיט טרוימען
צו מאָרגנס פון פריידפולע פרילינגס געוועבדט;
די נעכטנס פאַרזייט כ'האָב, ווי פרוכטיקע זוימען,
אין דאָרשטיקער ערד מיט די אייגענע הענט...

(1984)

## יידיש — מיין געליבטע...

ביסט אַריין אין האַרץ אין מיינעם
מיט דער מאַמעס ליד און טרערן;
ווי די זאַפט פון זיסע וויינען,
ווי דאָס ווינקען פון די שטערן.

האָסט אַריינגעשוועבט טשיקאַווע,
אַן געפילדער און אַן פויקן;
ווי אויף אַ פליגל פון אַ פּאַווע,
ווי לבנה־שיין אין אויגן...

ניט געוווּסט האָב איך פון וואַנען
ביסט געקומען אין מיין שטעטל,
האָסט באַזעצט זיך אין מיין געסל,
האָסט געדרעמלט אין מיין בעטל.

האָסט פאַרטייטשט מיר יעדע מעשה
פון די אָבות און נביאים,
און געהאָלפן שווער „צעבייסן"
די דריי **„בבא'ס"** מיט גרויס מיען...

נייע וועלטן, אומגעאַנטע,
האָסט אַנטפּלעקט פאַר מיר דערנאָך שוין;
כ'בין אַריבער אַלטע ראַנדן,
נייע וועלטן אויסצופאָרשן...

ביסט געוואָרן מיין געליבטע
באַלד פון „בראשית" — אַן מיין וויסן;
פלעג איך שעהען, צער־באַטריבטע,
אין דיינע אותיות זיך פאַרשליסן.

ביסט פאַרבליבן שוין אויף דורות
— ניט, ווי עפּעס אַ מין חידוש —
גאָר אַ שפּרוך, ווי פון דער תורה:
יידן ריידן יידיש!

און אַ ריידן! אוי, אַ ריידן!
מיילער פּערלדיקע, פולע;
ניט פון גיהנום און גן־עדן —
פון אַ וועלט, וואָס זוכט **גאולה**...!

הערט אויף, מענטשן, „לייגן פעדערס"
צו מיין שפּראַך, ווי צו אַ גוסס;
ס'רוישט אַ ווינט אין אירע סעדער,
ס'שפּריצן פונקען אירע אותיות...

ס'האָט אַזאַ מין טעם מיין ליבסטע,
וואָס קיין אַנדערע פאַרמאָגן:
טעם פון האָניק פון דעם זיסטן,
טעם פון זון־שיין און פאַרטאָגן;

טעם פון שטראָמען בלוט און טרערן
און פון שניט פון שאַרפן מעסער;
טעם פון רויך אַזש ביז די שטערן
און פון שריפות, וואָס פאַרצערן...

קיין איין טעם ניט אויסגעמיטן
אויף איר וועג פון וויי און וואַנדער;
איז זי רייך אַזוי מיט גיטער,
מער פון „ראָזשינקעס מיט מאַנדלען".

פונעם רהיין ביז צו דעם דניעפּער,
פון יבשה ביז יבשה —
האָט ניט אויפגעהערט צו שעפּן
היותדיקן זאַפט מיין לשון...

ביסטו היינט אַ רייך־באַצירטע
מיטן גלאַנץ פון לאַנגן ייחוס;
אַ באַטעמטע, פיל־קאָלירטע —
דאַרף פון קיינעם ניט קיין סמיכות...

יידיש ז'ניט נאָר „לאָקס און בייגל",
פיש געפילטע און אַ קניידל —
יידיש איז אַ גאָלדן פייגל:
האַרט און שטרענג, אי צאַרט און איידל!

ווי אַ העלע צויבער־מעשה
פון איין נאַכט און פון אַ טויזנט:
פון אַ „ציגעלע אַ ווייסע"
ביז אַ פּלי צו שטערן־רויזן!

(1984)

# איך קוק אין שפּיגל...

איך קוק אינעם שפּיגל און כ'הויב אָן צו שטוינען:
אָט דער, וועמען כ'זע דאָרט, איז שוין אַ בן־שמונים?
אָט ערשט, דאַכט זיך, האָט מיך גענומען די מאַמע
צום אַלטיטשקן עברי־מלמד, ר' שמעיה;
און נאָכדעם געפירט מיך צום רעבע שמואל־נאָטע,
וואָס האָט מיט תנ"ך־גייסט פאַרכאַפּט מיר מיין אָטעם;
דערנאָך מיך געבראַכט אין ר' איטשעס ישיבה —
„גיי שווים אין תלמודישע אָפּגרונטן טיפע...!"
די קרוין פון דער תורה דיין קאָפּ זאָל באַצירן,
אַז ס'גאַנצענע שטעטל מיט דיר זאָל שטאָלצירן.

נאָר דאָ האָט צעפלאַמט זיך דער הייסער אָקטאָבער,
צעשפּריצט איבער שטעטל די פונקען זיך האָבן;
די הערצער פאַרסמאַליעט מיט זשאַר פון מרידה
ביי יענע, וואָס האָבן געשמאַכט אין דערנידער,
מיט צוזאָגן העלע, מיט פלאַמיקע לידער....
אַ צופּ אויך געגעבן די יינגלשע גלידער
און אויפגעוואַכט האָט זיך אין אים, ווי פון דרימל,
אַ בענקשאַפט אַ נייע, איר טיף — ווי דער הימל...

נאָר ער האָט מיט שטעטל געמוזט זיך צעשיידן,
מיט שטעטלשער ענגשאַפט, מיט שטעטלשע פריידן;
זיין האַרץ האָט די ווייט איבער ימען געצויגן
צום טאַטן פאַרפרעמדטן פון יינגלשע אויגן...

און אָט, ער באַטרעט שוין די נייע יבשה;
און פרעמד איז די שפּראַך אים, די פּירעכצן — קשה.
ער זוכט ווי מיט ליכט, דאָ אַן אָנהאַלט, אַ באָדן,
אַ פעלדז פאַר זיין אומרו, וואָס האָט זיך צעזאָדן;
אַ מקלט פאַר זיינע צעבליטע חלומות,
און נאָך עפּעס וונדערלעכס... גיי־זשע און צוים עס...

אָט פאַלט אין דער האַנט אים אַריין, ווי אַ חידוש,
אַ בלאַט, אַזאַ פרישס, אין זיין מאַמישן יידיש,

און ס׳ווערט אים אַ קאָמפּאַס, אַ לערער, אַ פירער,
וואָס פּלאָנטערט פאַנאַנדער די קנופּן פון סתירות;
אין קרייזן געפיבערט, צעבויטעט די חצותן,
מיט פאָרשן די ענטפערס אויף אַלע פאַרוואָסן...

עס האָבן אַ טראָג געטאָן פעסטער די פליגל —
און בחורשער גאַנג איז געוואָרן פאַרזיגלט...
צעקושט האָבן טריט זיך מיט הייסע אַספאַלטן,
ווען נויט ניט געקענט האָט זיך מער שוין באַהאַלטן...

דאָס אַרבעטער־הויז איז געוואָרן זיין טעמפּל,
מיט פונקען פון יוגנט־חלומות געשטעמפּלט.

פאַרזוכט האָט אין גאַנג ער די ענגשאַפט פון תפיסה,
אַ האַמערשן זעץ פון אַ האַנט אָן געווויסן...
אָט זעט ער נאָך איצטער דעם קאָרב אויף זיין פנים,
וואָס טוט אין פאַרגאַנגענער צייט אַ דערמאָן אים...

אַריינגעזאַפּט האָט דאָן זיין ליד דעם געראַנגל
און אויסגעשאַלט אים אינעם הילך פון געזאַנגען...
געשליידערט די זעגל — ניט איין זאַווערוכע,
געבויגן דעם מאַסטבוים — בייזוויליקע רוחות;
נאָר פעסט איז דער ווילן די פליגל צעפאָכען,
זיך דורכברעכן פאָרט צו דעם ברעג פון נצחון...

(און ליבעם געפירט, אויף הוליאַנקעס געגאַנגען,
נאָר איינע זיין האַרץ האָט אויף תמיד געפאַנגען...
געבראַכט האָט די ליבע איר פרוכט צו זיי ביידע,
געשענקט האָט די צייט אים דעם טיטל שוין זיידע).

* * * * *

איצט קוקט ער אין שפיגל מיט וווּנדער און שטוינען:
אָט דער וואָס ער זעט דאָרט, איז שוין אַ **בן־שמונים** ?!
עך, ווילט זיך די ווייזערס צוריקוועגס אַ דריי טאָן,
אַ שפּאַן טאָן אויפסניי אויפן שליאַך אויפן ברייטן...

(אַפּריל, 1984)

# די טויערן פון פאָלק...

די טויערן פון פאָלק — זיי קוקן אָפן
צו די, וואָס טראָגן ליבע אינעם האַרץ,
צו די, וואָס האָבן ליכט־פונקען פון האָפן
געצונדן אין זיין טרויערדיקסטן האַרבסט...

די טויערן זאָל קיינער ניט פאַרשליסן!
אויך ניט פאַר די, וואָס בלאָנדזשען אין דער נאַכט;
ס׳קאָן זיין: אַ שטורעם־ווינט אַוועקגעריסן
האָט זיי פון פעסט־שטיין אויף דער וואַך.

ס׳קאָן זיין: אַ בליץ, דער אָנזאָג פון געוויטער,
דעם בליק האָט פלוצים זייערן פאַרבלענדט;
נאָר ס׳טליעט נאָך די בענקשאַפט צו די ברידער
און ס׳ציען זיך אין פרידן נאָך די הענט...

און וועט דער שונא ערגעץ זיך פאַרמעסטן
אַ זעץ טאָן מיט זיין רישעותדיקן פויסט —
ניט וואַרטן וועלן זיי דער הימל זאָל אַ נס טאָן;
אין פעכט־געראַנגל וועלן זיין אַרויס!

די טויערן זאָל קיינער ניט פאַרריגלען —
דער דורכגייער וועט בענטשן זייער שוועל;
דעם בלויען מאָרגן וועט דער היינט פאַרזיגלען
מיט רו און מי אין פאָלקישן געצעלט.

ניט טרעפן ווידער זאָל, וואָס האָט געטראָפן:
אַ גוטן זון פאַריאָגט אַ וואָרט אַ האַרטס...
אָ, טויערן פון פאָלק־געצעלט, שטייט אָפן
פאַר דעם, וואָס טראָגט אייך ליבע אין זיין האַרץ!

(מערץ, 1985)

# לײדיקע שטולן...

זײ שטײען, די שטולן, פֿאַריתומט און לײדיק,
פֿאַרשטומט איז ניט אײן ליד, פֿאַרשטילט — ניט אײן קול;
די שטולן, עס דאַכט זיך, זײ שװײגן באַלײדיקט —
ניטאָ װער די אײנזאַמקײט אײנװיגן זאָל...

אַ לײדיקע שטול בײ דעם טיש דעם געגרײטן,
אַ לײדיקע שטול אין פֿאַרזאַמלטן זאַל;
אַן אומעט אַזאַ אַרום זיך זײ פֿאַרשפּרײטן —
פֿאַרװאָס אַזאַ צאַרן דיך טוט אַ באַפֿאַל?

אַט זעסטו אים, דאַכט זיך, דײן פֿרײַנד פֿון לאַנגאָנען
אין ערנסטן, פֿרײנדלעכן שמועס פֿאַרטיפֿט;
ער מ י ט זיך אַ שליחות דעם חבר דערמאָנען,
אויף ליפּן אויף זײנע אַ שמײכל קוים שטיפֿט...

זײן לײדיקע שטול איז מיט צער אַ פֿאַרװײטע,
ניטאָ אויף איר מער שױן דער שאַפֿער פֿון ליד;
זײן פֿען — זײן געטרײער, צעשטראַלטער באַגלײטער —
גײט מער ניט פֿאַרױס די צעזונגענע טריט.

דער יונגװאַרג געשענקט האָט ער ערלעכן װיסן,
געדולדיק די אוצרות פֿון פֿאָלק זײ אַנטפּלעקט;
געאײלט האָט ער תּמיד אין שול זײ באַגריסן
און ליבע צום בוך אין די הערצלעך געװעקט.

געטײלט האָט די פֿען זײנע לידער־מתּנות,
די פֿונקען פֿון לױטער נשמה־געזאַנג;
דער טרעגער פֿון יושר האָט זײנע שלח־מנות
ברײטהאַרציק געטײלט אין זײן פֿרוכטבאַרן גאַנג.

זײן האַרץ האָט אין װאַך־זײן געשפּירט די געפֿאַרן,
װאָס רוקן, װי כמאַרעס אויף הימלען, זיך אָן;
האָט ס׳ליד זײנס געװאָרנט ,געװעקט: זאָל דיך אַרן,
ניט שטײ אָן אַ זײט, מענטש, דײן לעבן — אין קאָן!

אַז ליב איז געווען אים דאָס גרעזל אין מדבר,
דער איינזאַמער באַרג און די פּריצטע — די רויז;
געאָטעמט זיי האָבן מיט חן אין די לידער,
ווי ערשט פון דער ערדישער מוטער אַרויס.

ווער וויל אָט די אוצרות אין רויכן צעשטויבן,
אויף אייביק די לופט־אַ פאַרפּריר טאָן און — שוין!
פאַרבלייבן וועט קיינער צו זינגען און לויבן,
צו קריגן די שטראָף, אָדער קריגן דעם לוין...

געבליבן איז ליד צווישן טאָוול און טאָוול
פּאַר דורות וואָס קומען און גייען אַוועק;
נאָר היינט איז זיין בענקל — אַ צערפּולער אָבל —
פון פּלוצעם פאַרשניטענע, ליכטיקע טעג...

נאָר העכער פון צער שרייט דאָס קול פון געוויסן —
דער וועג צו דעם באַרג־שפּיץ איי לאַנג נאָך און שווער;
איז ביז דער קאַיאָר וועט מיט זיג ניט באַגריסן —
פאַרטונקל דיין אויג ניט מיט טרויער און טרער.

די גאָלדענע קייט פון געזאַנג און בטחון
צי ווייטער אויף בוואַליעס פון רוישיקן טאָג —
ביז ס'וועלן די שנאה־זוענט ליגן צעבראָכן
און **אמת** דעם **שקר** וועט טאָן אַ פּאַריאָג...

(סעפּט. 1985)

## פון נעכטן ביז היינט...
(רותן אַ מתנה)

זי שלאָפֿט... איך הער איר שווערן אָטעם,
ווי זי וואָלט באַרג־אַרויף געקלעטערט
און ס'איז דער וועג געדיכט באַשאָטן
מיט האַרבסטיק־טרעשטשענדיקע בלעטער...

וואָס זעט זי אין איר אומרואיקן דרעמל?
איר קינדהייטס שטעטעלע פֿאַלאָנע?
דער מאַמעס גראַשנדיקע קרעמל?
דעם אָפּהילך פֿון פּעטלורישע קאַנאָנען?

די וואָלאַסטן האָבן זיך געביטן
און יעדעס מאָל — פּאָגראָם און שחיטה;
און יעדעס מאָל — אַרויסגעשניטן
אַ גליד פֿון שטעטל האָט געוויטער...

...ערשט נעכטן שפּעט דערציילט האָט זי מיר
פֿון טעג פֿאַרקריצטע אין זיכּרון:
אַ כאַטע אָן אַ שטראָלן־גלימער
מיט אָפּגעפּליקטע קינדער־יאָרן...

אַ זאַווערוכע האָט געבורעט
און ס'בלוט פֿאַרקילט אין יעדן אָדער;
דאָס פּיצל האַרץ האָט זיך פֿאַרנורעט
אַזש ביז צו פּלאַצן, ווי אַ בלאָטער.

אַ מאַמע מיט אַ לידער־בוך פֿון פּושקין
און מיט אַ באַסניע פֿון קרילאָוון...
ווי פּישעלעך, זיך פֿליושקען
נאָך היינט די שורות אין איר שלאָף.

אַ טוט אַ שוועב אויף ליפּ אַ ציטער,
איר פּנים ווערט מיט שווייס באַלאָדן;
מסתּם האָט איצטער אַ דעניקין־„ריטער"
אַ זעץ געטאָן אין פֿענצטער־לאָדן...

אַ קרובה יענע צייט אויך מיר איז,
אַ שותפטע איןביידעמענס גורלות:
זי האָט געמישט די שבת-זמירות
מיט איינגעהאַלטענע יללות;

ווי מיין בעריאָזע — איז איר כּאַמאָרע,
אויך מיט אַ מיל און ברעגן גרינע;
אָט דאָרטן ווערט דאָס קעפּל קלאָרער
און הייבט חלומות אָן צו שפּינען...

... איר וועג האָט אויך זיך לאַנג געצויגן
אַריבער גרענעצן און לענדער;
געמאַניעט האָט אויך איר אַ רעגנבויגן
צום טאַטנס לאַנד דאָס אומבאַקענטע...

שאַפּ און פּראַצע... שער און נאָדל...
פאַרשטיקטע טעג אין זומער, ווינטער;
נאָר אַלץ פאַרזיסט אויף פרעמדן באָדן
האָט קאַמף־געזאַנג פון פּראַצע־קינדער.

געזאַנג אין האַרץ און... ליבע־ווייען...
אַ בחורל מיט אַ טשופּרינע
און אויגן-בלוי דעם קאָפּ פאַרדרייען
פון אָוונט-פרי ביז צום באַגינען...

... אָט שיינט אַ שמייכל אויף די ליפּן:
דעם ערשטלינג צו איר ברוסט זי צערטלט;
און אָט — אַ צווייטלינג; די פרייד פון ליבע
געטיילט האָט זי מיט איר באַגערטן.

ווי האַסטיק כוואַליען זיך די יאָרן —
שוין אָפּגעשפּאַנט דעם צענדליק פינפטן —
נאָר ס'האַרץ נאָך פלאַמט, ווי יענער „דאָרן“,
צעפאָכט נאָך מער פון ווילדע ווינטן...

פון יענער קליינינקער פּאַלאַנע;
... זי שלאָפט... אַזאַ מהלך דורכגעפלויגן

צי וואָלטן היינט נאָך אירע אויגן
דאָס געסעלע און מיל דערקאָנען?

צי האָט די סוואַסטיקאַ אויף שטויב צעמאָלן
איר כאַטקעלע, דאָס געסל מיט די שכנים?
פאַרוואָס-זשע קומען שטעטעלעס אַמאָלן
צום חלום איר נאָר ניט אַלדאָס ביז אינאיינעם?

...אָט עפנט זי די טרערן-פייכטע אויגן,
אַזוי פיל דורכגעשפּאַנט אין חלום אירן;
די זון האָט נאָר-וואָס זיך אַריינגעצויגן
און, ווי אַ גאַסט, צעעפנט אַלע טירן.

„אַ גרוס דיר, לאַנדספרוי פון פּאָלאַנע,
פאַרפּאַנצער זיך, דיין מידע האַרץ — פאַרשטאַרק עס;
ס׳קאָן זיין, דו וואָלסט דיין שטעטל ניט דערקאָנען,
דאָס שטעטל פונעם דיכטער פּרץ מאַרקיש.

זיין וויג צעשמעטערט האָבן זאַווערוכעס;
און ערגעץ-ווו — אויף הויכע, ברייטע וועגן —
דעם טרעגער פון פירקאַנטיק-אויסגעשניצטע לוחות,
ווי אַ צעבליטן בוים, צעשניטן האָט אַ זעג אים.

אין שענסטן זון געצילט האָט שונא און געטראָפן...
איצט וויינען שטיל די געסלעך פון פּאָלאַנע,
און ווען זיי ווערן מידע איינגעשלאָפן
זיי הערן איבער זיך די שטערן זינגען,
וויינען און דערמאָנען...

...און דו, מיין איינציקע, מיין אויסדערוויילטע,
איך קוש זיי אויס, די הייסע, דיינע חלום-טרערן;
נאָר כ׳ווייס, די ווונד די קיינמאָל ניט פאַרהיילטע,
וועט יאַטערן,
וועט זידן
און וועט מאָנען,
ביז ערגעץ-ווו וועט מען פאַרחידושטע דערהערן...
(אויגוסט, 1985)

# די שכנים

איך ווייס ניט פאַרוואָס, איך ווייס ניט פאַרווען:
זיי קענען ניט פריינדלעך זיך געבן די הענט;
אַזויפיל שוין יאָרן צו וווינען באַשערט
אויף זעלבער פאַרבלוטיקטער פיצעלע ערד;
אַמאָל — ווי פאַרבינדטע, אַמאָל — ווי צעקריגט —
נאָר קיינמאָל די שכנישע צאָם ניט צעפליקט;
קיין שטיינער געוואָרפן אין שכנישער שויב,
קיין ערדישן שפּאַן ביי דעם צווייטן גערויבט.

אַ וואָרט אָפּט אַ הילכיקס, אַ בייזער געשריי —
נאָר ס'האָט דער קאַיאָר זיי צעיאָגט און צעווייט;
ס'האָט יעדער געוווסט, וואָס מ'מעג און מ'טאָר —
אַזוי איז געגאַנגען אַ דור נאָך אַ דור...
צו וואָס איצט באַדאַרף מען דאָס פאָכען דעם שווערד,
ווי פּלוצעם געוואָרן וואָלט ענג זיי די ערד?
צו וואָס איבערפילן מיט פולווער די פאָס
און טראָגן אַ חלף אַ שאַרפן אין טאַש?

און ניט נאָר דעם חלף, און ניט נאָר דעם שווערד —
עס הענגט איבער קאָפּ היינט דאָס גיהינום-געווער!
ריר אָן נאָר דאָס קנעפּל, איין-איינציקן דריק —
און אויסלעשן וועסטו דאָס מענטשלעכע גליק!
און ניט נאָר די שכנים, די מעכטיקע צוויי —
אַ וועלט וועט פאַרזינקען אין פלאַמען-געדריי,
און אַלץ, וואָס מיט שכל דער מענטש האָט געבויט,
פאַרצוקן אויף אייביק וועט גרוזאַמער טויט...

וועט דאָס זיין דער גזר „באַחרית הימים"?;
קיין זכר זאָל בלייבן פון מענטשלעכן מין?
... אָ, טויט פונעם אויג די פאַרדאַכטן אַ וויש
און גיט זיך די הענט איבער רונדיקן טיש;
צעוואַרפט די פאַרקאַנעם, צעטרייסלט די ווענט —
דאָס אויג פון דער וועלט איז צו אייך היינט געווענדט!
... איך ווייס ניט פאַרוועז, איך ווייס ניט פאַרוואָס,
נאָר ס'האַרץ גייט מיר אויס נאָכן פרידלעכן כּוס...

(סעפּט. 1985)

# נאָך אַ מאָל...

נאָך אַ מאָל גרייט זיך דער טיש אין זשענעווע
פֿאַר וואַרעמע בליקן, פֿאַר פֿריינדלעכע הענט;
נאָר שפּאַרבער—ער לויפֿט שוין פֿאָרויס מיט זיין רעווען,
פֿאַרהילכן אים ווילט זיך דעם זאַל מיט די ווענט...

דאָס קינד ביי דער וואָלגע, ביי דער מיסיסיפּי,
ביים ירדן און יאַנגצע, ביי ברעגן פֿון ניל —
מיט בענקשאַפֿט אין האַרץ און מיט ברכות אויף ליפּן
זייער בליק איז צום טיש דעם געגרייטן געצילט.

צי ווייסן שוין קינדער—אין צייט פֿון אַטאָמען—
דעם שווידער פֿון קריג און פֿון חורבן דעם גרויל?
דרינג טיפֿער אַריין אין דער צאַרטער נשמה
און וועסט דאָרט אַנטפּלעקן פֿון שרעקן אַ קנויל...

ס'וועט קריג, אויב ער קומט, זיין אַוודאי דער לעצטער,
שוין ניט ווי אַמאָל, אָ, שוין ניט ווי אַמאָל;
דער טרוים פֿון בן־אָדם, פֿון אַלע דער שענסטער,
וועט אויסגיין מיט אים אינעם סדומישן טאָל...

פֿאַרשלונגען אין חושך ליגט גלאָריע און גבורה,
פֿאַרשלונגען ליגט ערד אינעם פּראָסטיקן תהום;
געכּופּלט אָן צאָל הירא‌שימיקער שטורעם
פֿאַרכלינען וועט אַלץ אין זיין פֿלאַמיקן שוואָם...

ניט שרייבן קיין בריוו וועט סאָלדאַט צו זיין מאַמען,
ניט זיין וועט קיין מאַמע צו קריגן זונס בריוו;
ניט זיין וועט קיין העלד די מעדאַלן צו מאָנען —
די וועלט אין געפּריר — אַ געזונקענע שיף...

ניט זיין וועט מער דעמאָלט קיין אָנהייב קיין נייער
מיט זיגרייכע מאַרשן, מיט הילך פון טרומייט;
קיין קאָרן אין פעלד און קיין זריעה אין שייער—
דער טויט האָט זיין שפע אָן רחמים פאַרגרייט...

...נאָכאַמאָל גרייט זיך דער טיש אין זשענעווע
פאַר וואַרעמע בליקן, פאַר פריינדלעכע הענט;
דו, שפּאַרבער, טרעט אָפּ מיט דיין חיהשן רעוועז!
מיט אָטעם מיט דיינעם די האָפ'נונג ניט שענד!...

(אָקטאָבער, 1985)

# פיר שוועסטער

„פיר ברידער זיינען מיר געווען... איז געבליבן איינער"
(פון אַ יידיש פאָלקס־ליד)

פאַר פיר באַשיידענע, באַחנטע שוועסטער מיינע,
געכאָוועטע ביים ברעג פון טייך בערעזינאַ —
איך דאַנק דיר, מאַמע, וואָס אין ווייַ און פיינען
האָסט מיר געשענקט אַן אוצר אָט אַזאַ...

געזען כ׳האָב זיי אין פרילינגדיקן בליען,
אָט ווי די קאַרשן־ביימער אינעם סאָד;
צעוועקט זיי האָבן אַלע אינדערפריען
מיט שפּרודלדיקן, האָפערדיקן טראָט.

די עלטסטע האָט די מיטלסטע געכאָוועט,
די מיטלסטע — די יינגערע פון איר;
און אַלע האָבן זי, די מאַמע־קרוין, מיט כבוד
און ליבע, ווי מיט רויזן־בליט, באַצירט.

געטיילט האָט זי אויף גלייך דעם ביסן בידנעם
ווי איינער זיין עשירות וואָלט געטיילט...
און ווי מיט פייער־פלאַם דעם שטאָל צעגליט מען —
מיט ליבשאַפט־בליק מען האָט די קראַנקע צייט געהיילט...

די עלטסטע האָט מיט נאָדל־פאָדעם־צווילינג
נאָך מיידלווייז אַויף אייביק זיך פאַרקנסט;
די אַנדערע באַגעגנט האָבן זייער פרילינג
מיט שול־ביכלעך, מיט לידער און מיט שפּאַס...

געדאַכט האָט: ס׳וועט אָט־אָט אַ נייער הימל
זיך געבן אַ פאַרצי מיט בלויקייט איבער קעפּ;
ס׳וועט הונגער מער ניט וועקן זיי פון דרימל
און ס׳האַרץ דאָס יונגס וועט נחת טאָן אַ שעפּ...

...נאַר בריוו געפלאַטערט האָבן איבער ימען,
ווי טויבן, צום פאַר׳הרי־חושכדיקן לאַנד;
ס׳האָט בענקשאַפט אויסגעגראַבלט טיפע שראַמען
אין הערצער קינדערשע צו טאַטן... אומבאַקאַנט...

אַ ווינטער־נאַכט אַ פראָסטיקע, פאַרשנייטע,
האָט פלוצים זיי אַ ריס געטאָן פון נעסט;
דער ווינט אַליין אַרויס איז זיי באַגלייטן
אין איבער׳ימיקן, צעכוואַליעטן פאַרמעסט...

די ערד די נייע, אַזאַ פרעמדע, האַרטע,
און אויך דער טאַטע איז זיי עפּעס פרעמד...
און אינעם שאָפּ די יוגנט־גלידער צאַרטע,
ווי אין אַ שטייג, פאַרקאָוועט און פאַרקלעמט.

די צייט איז בלינד... די כוואַליעס איר טראָגן,
ביז ערגעץ־ווו דערלאַנגען צו אַ ברעג —
פאַר שוועסטער צוויי — צו ליכטיקע פאַרטאָגן,
פאַר שוועסטער צוויי — צו כמאַרעדיקע טעג...

מיט דורותדיקן נאָכוווקס האָט דאָס לעבן
— חוץ איינער נאָר — די שוועסטער דריי געבענטשט;
די עלטסטע פלעגט איר איינזאַמקייט פאַרוועבן
אין לאַנגע נעכט, ווי קראָפּעווע אין קרענץ,

און ציילן אירע יאָר... און ניט **דערציילן**
צום אונטערשטן סך־הכל ביזן סוף;
ניטאָ מיט וועמען בענקשאַפטן צו טיילן,
פאַרבלאָנדזשעט ערגעץ האָט איר **מזל־טוב**...

...איך האָב פאַרלאָרן זי — די סאַמע עלטסטע,
און אויך די ייִנגסטע פון די פיר —
כאָטש הימל האָט געבליט פאַר איר צום העלסטן
און שפּע האָט אַ יעדן ווינקעלע באַצירט;

נאָר ניט געשאַנעוועט אויך זי האָט גורל:
איר בלוט פאַרסמט האָט טראָפּנווייז דעם טויט;
און ס'איז געגאַנגען די „מיזינקעלע" פאַרלוירן —
אַ דריטער קבר שטייט דאָרטן און גרויט...

ווייל אין סאַמע אָנהייב איז אַוועק די צווייטע,
מיין נאָענטסטע אין יאָרן און אין קינדער־שפּיל;
זי איז מיט הענט, ווי פליגל אויסגעשפּרייטע,
אַ פאַל געגעבן פלוצים אויפן דיל...

... אָ, שוועסטער מיינע,
אַוועק זייט איר מיט מאַמע־ערד זיך צו באַהעפטן
נאָך לאַנגער ראַנגלעניש אין פרייד און וויי;
און איך — איך זאַמל נאָך אין בענקשאַפט מיינע קרעפטן —
איך זאָל ניט אויסברעכן אין ברודערשן געוויין...

פון פיר איז איינע מיר איין־איינציקע פאַרבליבן
און פיר מאָל ליבער איז מיר געוואָרן איצט;
מיט אַלץ, וואָס האָט מיין האַרץ צונויפגעקליבן,
איך היט פון בייז מיין ליבשאַפט און באַשיץ.

די שוועסטער מיינע — כ'זע זיי אַלץ נאָך אינעם בליען
אין זייער ראַנגלען זיך פאַר ברעקלעך פרייד...
אין אָדערן אין מיינע הערט ניט אויף צו בריען
אַן אומעט, וואָס איך ווייס ניט זיין באַשייד.

אַ טרייסט אַן איינציקע מיך וואַרעמט אַלע שעהען
און לינדערט מיינע ווייען פון פאַרלוסט:
ניט אויסגעגאַנגען זענען זיי אין קרעמאַטאָריען
מיט נאַצי־שטיוול אויף דער ברוסט;

איך ווייס ווו ביינער זייערע היינט רוען
מיט שכנים יידישע אויף גרינעם פעלד —
ביינאַכט — עס נידערן מיט רחמים די טויען,
בייטאָג — אַזאַ מין רחבותדיקער הימל העלט!

(1985)

## זיין שוועסטער, די מיזינקע...

(אין אָנדענק פון רעלקע שולמאַן)

זיין שוועסטער זעגנט... זי גייט אַוועק...
ער שטייט, ווי פון אַ בליץ דערשיטערט;
צוריק וועט איר ניט ברענגען יענער וועג —
איז שיידן זיך אַזוי אים ביטער...
ער זעט: אַ פונק נאָך גליט אין אויגן,
אַ לייכטער שמייכל איבער ליפּן שוועבט...
זיין קאָפּ איז צו דער ערד אַראָפּגעבויגן —
אַזאַ מין צער האָט האַרץ זיינס איינגעוועבט...
די הענט פאַרנומענע אין אייביק טאָן —
איצט רוען הילפלאָזע צונויפגעהעפטע;
אָט וועט זי, דאַכט זיך, געבן אַ דערמאָן
און זיך צעוויגן מיט די לעצטע קרעפטן;
אַז עפּעס האָט נאָך היינט איר אויסגעפעלט,
אַז עפּעס נאָך געדאַרפט האָט זי באַזאָרגן...
פאַרוואָס האָט צייט זיך פלוצים אָפּגעשטעלט
און ס'ווערט ערגעץ פאַרפאַלן דער פרימאָרגן...!
אין אָט דער רגע, וויפל יאָרן צענדליקע
זיי יאָגן גיך פאַרביי אין זיין זיכרון? —
זיי קומען אָן אַזעלכע בלענדיקע
ווי ער וואָלט קיינמאָל גאָר זיי ניט פאַרלאָרן.
זיי קומען אָן, ווי מחנות אומרואיקע געסט,
און רינגלען העל אַרום דאָ איר צוקאָפּנס;
ווי פייגל, קומען זיי צוריק צו זייער נעסט.
אין אויגן זיינע בריען טרערן־טראָפּנס...
ס'וועט דער פרימאָרגן מער פאַר איר ניט קומען,
ניט ברענגען וועט ער איר קיין ברעקל טרייסט;
די בילדער אויף די ווענט, די טעפּ מיט בלומען —
צי וועלן זיי פאַרבענקען זיך? — ווער ווייסט...
ער וויל אַרויסשעפּן פון סאַמע דעק
די מילדסטע טרייסט־ווערטער צו זיינע ליפּן
פאַר דער מיזינקעלע, וואָס גייט אַוועק —
נאָר ס'האָט די פּיין צעיאָגט זיי און צעטריבן....

(1984)

# די אָלימפּיק קאַרוסעל...

אָט איז זי דאָ,
די אויג־פאַרכאַפּנדיקע קאַרוסעל
מיט אַלע אירע רעגנבויגנדיקע פאַרבן —
אַ האָפּעדיקע יוגנט־וועלט
באַטראַכטן האָט מײַן שוועל
מיט הילכיקן אַרויסרוף — **כל המרבה!**

די טומלדיקע שטאָט
אויף אירע פינגער־שפּיצן שטייט,
געדיכט באַקלעפּט
מיט פאָנען־פרייד
און שרײַענדיקע טראַנספּאַראַנטן...
איך זיץ ביים כישוף־גלאָז
און פאָרש פאַרהוילענעם באַשייד
פון יוגנט־שפּיל געשפּאַנטן.

(איך האָב אומזיסט
אויף בראַווע וואָלגע־געסט געוואַרט;
ס׳האָט ניט געפלאַטערט זייער פאָן
אין גלאָז פון צויבער־קעסטל;
עס האָט אַ וועלט, אַ שלום־גיריקע, געגאַרט
מקבל־פּנים זיין
די געסט פון דעם גלאָבאַלן זעקסטל...)

דאָס איז דאָך זי,
די וועלט־יוגנט, איר שטאָלץ, איר האָפענונג
און טרייסט,
דער פולער אוצר פון איר גלאָריע און גבורה;
דאָס איז דאָך זי,
די רייכע יורשטע פון דורות מי און שוויים —
איז, ווער פאַרהיטן וועט
פון אויסלעשן איר לייכטנדיקן טורעם?

וואָס פאַר אַ צוזאָג, וועלט,
היינט גיסטו איר פאַר מאָרגנדיקן טאָג

נאָך אַלע אַקראָבאַטישע, אַטלעטישע פאַרמעסטן?
עס דריקט דאָס האַרץ
אַ פיינפולע מחשבות־וואָג...
נאָר באַלד פאַרלושעט ווערט
פון פויקישן, קלאַרנעטישן אָרקעסטער.

און דו,
טשעמפּיאָן פון לויף־ און שווים־געווען;
און דו, געווינער,
פון פויסטן־קאַמף אין אין קאָליסעומער אַרענע —
וואָס וואַרט אויף דיר
אין היים דיינער, אין דערפער און אין שטעט
נאָך די אַנטשוויגענע, הויך־יובלענדיקע טענער?

...פאַרלאָשן שוין
איז דער שטורקאַץ און דער אָלימפּיק־פּלאַץ;
מיט רום עס גלאַנצן די מעדאַלן־לזיכּרון;
פון וואַנט
אַ פּנים קוקט אַראָפּ מיט זילבער, גאָלד באַראַמט —
נאָר ערגעץ טיף
וועט נאָגן דער „וואָס ווייטער", ווי אַ דאָרן...

ס'וועט ווידער בענקען ס'האַרץ
נאָך מי נאָך פרידלעכער און זעט;
און ווידער וועט
די שרעק פאַר מאָרגן־שעה די רו פאַרצערן;
עס זאָל הלילה ניט
קיין גיהינום־פּלאַץ אַ פלייץ־טאָן איבער שטעט
און אויסלעשן
די זון־ליכט און דעם צויבער פון די שטערן...

איך זיין אַ צוגעשמידטער צו דער כּישוף־גלאָז —
אַזאַ קאָליריקע, פאַרכאַפּנדיקע פּאַנאָראַמע!
כ'הייב אויף פאַרוווּנדערט
צו דער יוגנט־וועלט מיין כּוס:
דו זאָלסט,
— דו מוזסט! —
דעם וועג צו אומגליקן פאַרצאַמען...!

(אויגוסט, 1984)

# דער ווײצלער...

„מיר הייבן אָן צו באָמבאַדירן אין פינף מינוט אַרום"
(דער פּרעזידענט)

אפשר האָט אַ טאָג אַ הייסער
אים דעם לויזן צונג פאַרפּלאָנטערט,
און געוואָרפן האָט פון שוויים ער
מאָדנע ווערטער, אומבאַקאַנטע...

מאַלע ווען אַ מענטש קען שפּאַסן:
אָפּט פון קעלט און אָפּט פון היצן;
אפשר גלאַט פון יי"ש גאָר נאַשן
גלוסט זיך חוזקן מיט וויצן.

וויים איך וואָס! — גאָר אויף קאַטאָוועס
האָט דער פירער זיך צעוויצלט;
ס'איז געווען אַ קליינער טעות —
ערגעץ האָט עס אים געקיצלט;

האָט זיך אונטער זיין צעשמייכל
יענער טעות אָפּגעריסן;
דאַרף מען אים דערפאַר זיין מוחל
און דעם ענין גיכער שליסן...

...נאָר געטאָן האָט לאַנד אַ ציטער,
לענדער האָבן זיך צערודערט:
אָט אַזאַ איז אונדזער „היטער"?
אָט אַזאַ שטייט דאָ ביים רודער?

מיטן פינגער אויפן „קנעפּל"
פון דעם פייערדיקסטן מבול
צו פאַרשווענקען שטאָט און שטעטל
אין איין גסיסהדיקן צאַפּל...

איז דער וויסטער וויץ געפאַלן
ווי אַ בלוטיקער געלעכטער —
אַזש אין „הויך־געשעצטע“ זאַלן
ליגט די רו שוין אַ צעשטערטע...

ס'איז געווען אַ שוואַרצער **רמז**
אויף דעם גרויל פון זיין נשמה;
ס'חלומט זיך אים יענער אמת,
פון אַ וועלט, וואָס איז ניטאָ מער:

„וואָס פאַר איין צד איז מפּלה
פאַר דעם צווייטן איז ניצחון“;
איין און איינציק וויסטע דאָליע
טרעפן וועט דער ערדס משפּחה...

ניט קיין קריגער־העלד אין רוימען,
ניט קיין גיהנום פון קאָשמאַרן —
גיט,
אָ, גיט אַ שומר אונדז פון טרוימען,
פון אַ וועלט, נאָך וואָס מיר גאַרן...!

(1984)

# מיט צער און ליב...

(אין מערי גאַרפּילדס אָנדענק)

אַוועק איז זי אַ שטילע ווי אַ טויב,
וואָס קען ניט מער אויף אירע פליגל
אָפּגעשוואַכטע געבן זיך אַ הויב,
און אונדז געלאָזט מיט טרויער און מיט... לויב.
פאַרגאַנגען איז זי ווייט פון אונדזער בליק
און מיטגענומען אויך אַ טייל פון אונדזער גליק...

עס שפּיגלט זיך אין אונדזער אויג
איר רונד געזיכט,
איר קאָפּ אַרומגעקרייזלט מיט אַ קרוין
פון העלער ליכט,
און אויך די שיין פון אירע אויגן צוויי,
וואָס איינגעזאַפּט זיי האָבן טיף
אי יענעמס פרייד, אי יענעמס וויי.

באַגלייט האָט עפּעס אַזאַ פלאַטערדיק געזאַנג
איר קורצן שפּאַן,
איר איילנדיקן, שטילן גאַנג;
אַז ניט געקענט גאָר רוען האָבן אירע הענט:
עס זאָל חלילה ניט אומזיסט
קיין רגע זיין פאַרשווענדט.

אַ יעדן מענטש באַגעגנט האָט איר פריינדלעך בליק
און מיט איר שמייכל מאַמישן געגעבן אַ פאַרוויג,
אַז באַלד — ביים איבערטרעטן נאָר איר שוועל —
איז מען געוואָרן מיט אַ היימישקייט באַזעלט.

אַזויפיל מלאכדיקס געשימערט האָט
פון איר געשטאַלט,
אַזויפיל חן פון אירע אויגן האָט אַרויסגעשטראַלט!
איז וער, ווי זי — די מאַמע, באָבע און די פרוי —
געוועזן איז היים פון אַלעמען
באַליבט אַזוי?

און איצט...
פאַרגאַנגען איז די זון־ליכט פון איר בליק
און מיטגענומען אויך אַ טייל פון אונדזער גליק...
נאָר לעבן וועט דאָך לאַנג אין אונדזער האַרץ,
נאָך לאַנג,
דער קלאַנג פון אירע שטילע רייד,
ווי עכאָס פון געזאַנג;
און אויך איר מוטערלעכע שיין,
וואָס איז, ווי אַלטער וויין,
אין אונדזער בלוט אַריין...

(יאַנואַר 1984)

## ווו זייט איר...?

ווו זייט איר, לאַנדסלייט מיינע פון בערעזין,
וואָס אויסגעכאָוועט אונדזער קינדהייט האָט?
ס'האָט קיינער ניט געמאַכט פון איר קיין וועזן
ביז ס'האָט די פרעמד פאַרשלונגען אונדזער טראָט.

וואָס ווייטער ס'האָט די צייט דיך, בידנע שטעטל,
פון בליק מיינעם פאַרשטויסן און פאַרשטעלט —
אַלץ מילדער האָסטו אָנגעהויבן גלעטן
דאָס האַרץ מיינס אין דער נאָענט-פרעמדער וועלט.

איך זע די וואַלד־רינגען ברעזעווע, סאָסנאָווע,
דעם לאַטשענדיקן שטראָם פון טייך בערעזינאַ;
די קברים פון לאַנג-נפטרדיקע אָבות
און דעם הויך־קלעזמערדיקן חתונה-הו־האַ...

די אָנגעפיקעוועטע שבת-שולן,
די טעג פאַרהאַוועטע פון מיטן-וואָך;
די הייזער גביריש־אָנגעפאַקטע, פולע,
און די — מיט שווער־קבצנישן פרנסה-יאָך...

ווו זייט איר נאָכן תשעה באָב דעם לאַנגסטן
צעוואַלגערט איבער גרענעצן און ים,
מיט בענקשאַפטן, מיט לעכצעניש און אַנגסטן,
מיט ווונד פון אויסגעוואָרצלטן געשטאַם...

מיר דאַכט: אָט לויף איך אויך מיט אייך דורך וועלדער,
פאַרסאָסנעוועטע, פאַרבעריאָזעוועטע — ווי געדיכט!
פאַרבראַכט אין זיי די קינדהייט, און ניט זעלטן
אויף ווילדע וועלף און בערן זיך געריכט...

נאָר אייך האָבן צוויי-פיסיקע געדודפט
נאָך ווילדערע פון בערן און פון וועלף;
דער וואַלד האָט צוגעטוליעט אייער שווידער,
פאַרנומען האָבן ביימער אייער „העלף!״

...אין חלום ברענען אַלץ נאָך מיינע טרערן
אויף שטעטעלעס געוויטערדיקן בראַך;
עס דריקט מיך, ווי אַ שטיין, די בענקשאַפט צו דערהערן
אַ גרוס, ווי נאָך אַ מבול — כאָטש אַ פליגל-פּאַך...

עס האָט דאָך ערגעץ־ווו כאָטש איינער
פאַרהיימישט ביי דער וואָלגע זיך, ביים ירדן־ברעג;
צי אפשר צו די הימל-קראַצנדיקע פעלדזן־שטיינער
ניו-יאָרקישע — דערפירט האָט עמיצן דער וועג?

...אין חלום זע איך אַלץ נאָך די קאַשמאַרן,
איך לויף אַליין אין שרעק-צעפּייניקטן געלאַף...
די גוואַלדן מיינע אויערן צעשפּאַרן,
די אויפרייסן צעוואָלגערן מיין שלאָף...

...ווו זייט איר היינט? צו וועלכע שטילע ברעגן
האָט יענער בייזער שטורעם אייך געבראַכט?
אין אייער חורבן —— וועלכע שוועל האָט אייך באַגעגנט
אין יענער חושכדיקער וואָגל-נאַכט?

...צי אפשר איז פון שטעטעלע קיין איינער
פון הענקערישן גיהנום ניט אַרויס,
און ערגעץ־ווו זיך וואַלגערן די ביינער
ביז היינט אין רווישנדיקער וועלדער-שויס...?

אוי, זאָלן יענע טעג, און יאָרן יענע,
מיט זייער בראַך צוריק ניט קומען מער;
אין האַרץ זאָל יענער ווייטיק אויפהערן צו ברענען,
אין אויג זאָל אויפהערן צו גליען יענע טרער...

(סעפּט. 1983)

# דער קרייז פון יאָר....

דער קרייז פון יאָר הייבט אָן זיך ראש השנה
און ציט זיך דורך חדשים לאַנגע צוועלף;
כ׳נעם אויף אַ יעדן קרייז, ווי אַ מתנה,
וואָס יעדעס מאָל אַלץ מער זי מיר געפעלט.

מיר דאַכט: דער קרייז — ער קרייזלט זיך
אַלץ גיכער,
און נאָכיאָגן ווערט אָטעם מיינעם שווער;
נאָר טוט די זון אַ בליאַסק
געטריי און זיכער —
אַ האָפערדיקער, ווי אַמאָל, איך ווער...

און זאָל מען די מתנה רופן „ניו־ייר״,
צי ערגעץ אַנדערש־ווו אויך „נאָווי גאָד״;
עס אַרט מיך ניט,
וואָס יעדעס מאָל כ׳ווער גרויער —
אַבי ניט אָפּשטעלן זאָל זיך מיין טראָט.

ניט זון מיינעם איך וועל זיך ניט פאַרגלייכן,
און מיט מיין אייניקל —
ניט גיין אין אַ געוועט;
נאָר פונעם לעבן־שליאַך איך וועל ניט וויכן —
כ׳וועל נעמען, וואָס דער טאָג מיר געבן וועט...

ניט איין מאָל
האָט אַ פינצטערער עקזאַמען
געוואָלט מיין האַרץ פאַרשלעפּן אין געפאַנג —
נאָר ס׳האָט מיין האָפן
ניט געלאָזט פאַרסמען
מיט גרויע אומקום־שאָטנס מיין געזאַנג...

איך בעט זיך ביי די קומענדיקע יאָרן:
איר׳ט זיין ביי מיר
די אָנגעלייגסטע געסט;
כ׳וועל יעדעס ליד,
וואָס ס׳וועט מיין האַרץ געבוירן —
נאָר שענקען אייך —
אין אונדזער ליכטיקן פאַרמעסט...

מיין האַרץ וועט קיינמאָל אויפהערן צו דאַנקען
פאַר אייער שוין לאַנג־יאָריקן געשאַנק;
פאַר אַלע אויסגעחלומטע געזאַנגען
אין מיין לאַנג־אויסדערוויילטן,
העלן גאַנג...

(סעפט. 1983)

## דער אַפּטייקער...

איך זע אים, ווי היינט, אין זיין אַרבעט פאַרטאָן
פאַר מענטשלעכע לעבנס, וואָס שטייען אין קאָן;

ער קוקט און באַטראַכט יעדן אות פון רעצעפּט —
חלילה, ניט מאַכן קיין טעות.. עס טרעפט...

די קליינינקע קיילכעלעך פאַרזיכטיק ציילט:
צו צוויי, אָדער דריי, שאַרט זיי אָפּ און צעטיילט.

און דערלאַנגט זיי דעם שטאַרק־אומגעדולדיקן מענטש
מיט געוווּנטש פונעם האַרץ: מיט געזונט זייט געבענטשט!

אָ, וויפל שוין יאָר האָט מיין פריינד אויסגעפילט
רעצעפּט נאָך רעצעפּט, אין אַ ברכה געהילט;

פאַר ווייען אין קאָפּ און אין האַרץ, אין געמיט —
פאַר איטלעך צעוויייטיקטן אבר און גליד;

פאַר איינעם אַ פּיל, פאַר אַ צווייטן אַ זאַלב:
אַזויפיל דאָ קרענק, כאָטש צעשריי זיך: געוואַלד!

און אַזוי פיל דאָ פלעשלעך— ער קלייבט און ער מישט —
און ס'דאַכט זיך, דער חולה פאַרלאָזט אים דערפרישט...

די טעג ביי רעצעפּטן... אין אָוונט, ביז שפּעט,
אַן אַנדער מין היילונג ער זוכט.. פאַר די שטעט,

וואָס שווימען אין מחלות פון רויב און פון נויט,
אַז ס'ציטערט פון צאָרן און אומרו די הויט...

און ס'בורעט אין בלוט אים ווינטשעווּסקים באַגער:
„דעם בעזים אַ נעם טאָן און געבן אַ קער!"

אַ טרייסט איז דער קלאַנג אים פון יידישן וואָרט —
דאָס אַלטע און נייע צוזאַמענגעפּאָרט:

פון ישעיה ביז פּרצ'עס „ברידער" די צוויי —
פאַרכּישופט האָט אים זייער יושר־געשריי;

ווי ס'האָט אים באַצויבערט די לערע פון מאַרקס:
פון וואַנען דאָס בייז קומט, צעשפּרייט זיך און וואַקסט..

איז דאַרף מען דערפינדן אַ נייעם רעצעפּט —
פאַר מוט אינעם האַרצן, פאַר קלאָרקייט אין קעפּ...

אַז וואַגן זאָל קיינער אַ קוועטש טאָן דעם קנאָפּ
צו שטויסן די וועלט אינעם גיהנום אַראָפּ...

... און ווידער איך זע אים אין אַרבעט פאַרטאָן:
פאַר מענטשלעכע לעבנס, וואָס שטייען אין קאָן...

(סעפּט. 1983)

# דער אָפּגעשפּאָרטער אוצר

**געווידמעט די שרייבער און דיכטער,**
**אַוועקגעגאַנגענע אין דער אייביקייט.**

איך הער נאָך אַלץ דאָס קול פון זייער פּען,
וואָס רוט שוין לאַנג אין טיפן תהום פון שווייגן;
אַ בייזער ווינט האָט זי פון שעפערישע הענט
אַרויסגעריסן אין דער מיט פון שטייגן.

אויף צאַרטע פליגל ברענגט דער נעכטן מיר
אַן עכאָ־קלאַנג פון זייערער אַ שורה —
און ס׳טוט מיין האַרץ זיך ווידער אַ צעריר
און לאָזט זיך גיין אויף אויפגעגליטע שפורן...

אַט דער האָט מיר דעם נעכטן אויפגעדעקט
מיט זיין געוויסן — זויבער, ווי קרישטאָל;
ער האָט פאַר יושר אַלע אָדערן געוועקט
מיט יעדן ציטער פון זיין מילדן קול.

ער האָט געוויזן מיר אין טיפן „... אַלטערטום",
וואָס איז געווען מטושטש און פאַרהייליקט,
ווי ס׳לעבן איז געווען דאַן אומגערעכט און קרום
און ס׳פאָלק — באַרויבט פון זיין פאַרדינטן חלק...

אָט דער האָט, פון זיין וויסן, אַ געווער
געשענקט מיר, ווי אַ שוץ־וואַנט קעגן ווינטן;
ער האָט באַפרוכפּערט מיך מיט אַ באַגער:
ניט לאָזן מער זיך פירן, ווי אַ בלינדער.

ער האָט געלייגט אַ ווינקלשטיין אין דעם יסוד
פון אויפגעוואַכט־צעבליטן פרייהייט־פרילינג;
מיט זיין פילפאַרביקן טאַלאַנטן־גנאָד
האָט ער זיין חלום מיט דער צייט פאַרצווילינגט.

געפאָדערט „דרך־ארץ פאַרן פאָלק",
און זיך געטראָגן אין „אַ וועלט פול מיט געזאַנגען".

דאָס פאָלק מיט ליבע האָט צוריקגעצאָלט —
ביז ם הארץ ביים אַרבעט-טיש איז אויסגעגאַנגען...

בין איך אַ וועלט ניט אויסגעפאָרן דען
מיט אַלעמען און יעדערן באַזונדער?
אין יעדן כ׳האָב אַ נאָענטן דערקענט,
און אַלעמען עניוותדיק באַוואונדערט...

מיט דעם געטאָפּטשעט דעם „סיבירער שניי"
און נאָכגעשפּירט זיין ניסימדיקן „גולם";
און דער האָט מיט זיין וואָלפישן געשריי
פריטשמעליעוועט דעם „סאַמעטענעם" עולם...

אָט קוקן אויגן קלוג אַזוי, פאַרקלערט
און פאַרשנדיק מיר גלייך אַריין אין פנים;
עס טוט אַ הילך זיין „בעזים און אַ קער"
און כ׳וויים: עס איז דער זיידע, איך דערקאָן אים...

אָט טראָגט זיך ווילד אַ גלעקער-קלינגעריי,
אַ ווינט-געהוליע און... אַ ליד פון „ליבע און פון שלום";
אַ הייסע כוואַל גייט מיין הארץ פאַרביי —
און פאַר זיין טרוים מיט דאַנקבאַרקייט כ׳באַצאָל אים...

איך הער געלעכטער-אָפּקלאַנגען, באַטויט
מיט דעם גערוך פון פרישע פרילינג-רויזן;
און פלוצים: „גיב אַהער די וועלט, בורזשוי!"—
אָט וועט די שטאָט פון נויט זיך באַלד צעברויזן..

אָט הער איך אָפּקלאַנגען פון נאָענט-ווייטע טריט
פון אייביק זוכנדיקן, פלאַטערדיקן „פיניע";
ער שפּאַנט מיט דעם „געזאַנג פון גלויביקן" צעגליט
און מייסטרעוועט אַ קולטורעלן מנין.

פון שטאָט צו שטאָט ער מעסט דעם שווערן וועג
און וווּ ער קומט — צו יידיש ליבע וועקט ער;
ער טראָגט באהבה זיין פול געפעק —
אָט דער געקרוינטער „לעקטאָר און קאָלעקטאָר".

זיי אויסצורעכענען היינט אַלע, ווײ, ווי שווער!
ווי שווער די לאַסט פון אונדזערע פאַרלוסטן!
עס רייסט פון טיפעניש זיך אַרויס אַ טרער
און נאָר אין דער ירושה זייערער אַ טרייסט-וואָרט זוכסטו.

איך הייב די אויגן מיינע אין דער הויך—
אַזוי פיל שטערן, שטערנדלעך, פּלאַנעטן!
איז אפשר טוט פון דאָרט אַ זינגער אויך
די אויגן מיינע, טרערנדיקע, גלעטן?

איך גיי פאַרשיכורט אין אַ בלומען־פעלד
און זאַמל פולע הויפנס מיט געבליטן;
ווי אָרעם וואָלט מיין וואַכעדיקע וועלט
געווען, ווען כ׳וואָלט אין וועג זיי אויסגעמיטן!

איך גיי אין רוישנדיקן ביכער־וואַלד
אין העלן קרייז פון לייכטנדיקע נעמען;
און ס׳רייסט פון האַרץ אַרויס זיך אַ געוואַלד:
דער אוצר—וועמען איבערלאָזן, וועמען?

איך וועל מיין קינד אַ נעם טאָן פאַר דער האַנט
און אים אַריינפירן אין אונדזער גאָרטן;
כ׳וועל הויך און שטאָלץ אים זאָגן: „זיי באַקאַנט!"
און לאָזן אים אַרומשפּאַצירן דאָרטן...

דאָס האָט אַ פאָלק אַן אוצר אָפּגעשפּאָרט
אין טיפן ווײ, געלעכטער און אין טרערן;
אַ וועלט אין אים אַ גאַנצע בושעוועט היינט דאָרט
מיט פייער־פונקען, שייטערט און מיט... שטערן...

איך הער נאָך אַלץ דאָס קול פון זייער פּען,
וואָס רוט שוין לאַנג אין תהום פון שווייגן...
אַ לויב די הענט, די שעפערישע הענט,
וואָס האָבן אונדז געמונטערט: העכער שטייגן!

(1983)

# מיין באַגלייטער — מיין זכּרון...

איך זאָג צו מיין באַגלייטער, מיין זכרון,
וואָס אָנגעזאַמלט האָט די פּרוכט פון מיינע טעג:
ניט ווער קיין טרוקענער,
פאַרדאַרטער דאָרן
אויף מיין, נאָך אַלץ זיך ציענדיקן, וועג.

אין גאַנג מיינעם, אַזש פון דער טייך בעריאָזע,
אַריבער גרענעצן פון לאַנד און קאָנטינענט —
האָסטו קיין שפּור קיין איינציקן
אויף הפקר ניט פאַרלאָזן
און מיינע טעג אויף אַש ניט פאַרברענט...

איך זיפּ אַדורך מיין אָנגעבערגלטן פאַרמעגן,
אין לויף אין ראַשיקן פון באַלד **אַכט צענדליק יאָר** —
און ס'ווערט מיין האַרץ
באַהאָגלט און באַרעגנט
מיט אַלדאָס בייז און גוטעס פון מיין דור.

איך בין דאָך קיינמאָל פון דער ווייטן ניט געשטאַנען,
צי ווען ס'האָט זון געשיינט,
צי ווען ס'האָט נאַכט געשוואַרצט;
סיי פרייד, סיי טרויער— ס'מאַכט ניט אויס פון וואַנען—
געטראָפן האָבן מיך אין סאַמע האַרץ...

און דו, זכרון, האָסט געדולדיק זיי געקליבן,
קיין טראָפּן ניט געלאָזט פאַרלאָרן גיין;
ווייל איך האָב קיינמאָל
אויפגעהערט זיך צו פאַרליבן
אין לעבנשטראָם מיט יעדן צעל פון מיין געביין...

פאַרלאָז מיך ניט ביים שוועל פון צענדליק נייגטן,
ניט ווער קיין מדבר-דאָרן אויף מיין וועג;
אַרויסלאָזן איך וויל פון אויג ניט
— כאָטש פון ווייטן —
די קלאָרע שיין פון צוגעזאָגטע טעג...

(פעבר. 1983)

# אין אַ לבנה־נאַכט

דער מענטש האָט געוואָגט און ער האָט דיך באַטראָטן,
דיין מיסטישן שלייער אַרונטערגעריסן;
נאָר וואָגן וועט קיינער אויך איצט מיר פאַרבאָטן
דיין בלאַסן, פאַרחלומטן פּנים באַגריסן.

איך וועל, ווי אין יענע, נאָך קינדערשע, יאָרן,
פאַרקוקן זיך לאַנג און פאַרגאַפּט אויף דיין שמייכל;
כ׳וועל ווידער אין אַנדערע וועלטן פאַרפאָרן,
ווו ס׳קאָן ניט דערגרייכן דער פּשוטער שכל...

ווו אַלץ איז ווי דאָ, אויף דער ערד דער צעגרינטער—
נאָר אַלץ איז דאָך אַנדערש, צעקלאָרט און צעליכטיקט;
ווו מענטש שפּאַנט געזיכערט און קוקט ניט אויף הינטער,
און ס׳וואָרט, ווי דאָס האַרץ זיינס, איז אמתדיק, ריכטיק.

ווו פריינדשאַפט גייט אויף, ווי אין פעלדער דער קאָרן,
זי וואַקסט און זי צייטיקט אין גאַנג פון די דורות;
און ווערט ווו פאַרוואַלגערט אַ שטעכיקער דאָרן —
ער קאָן ניט פאַרדאַרבן די זאַפטיקע, צייטיקע פּירות;

ווו פריינדלעכע היימען דעם באָדן באַצירן
מיט שפע געבענטשטער אין איטלעכן שייער;
און מענטש קען די הענט זיינע מעכטיק צעפירן
ווי קיינמאָל ניט פריער, אין רחבותן פרייע...

אַ דאַנק דיר, לבנה, פאַר הערלעך שפּאַצירן
אין גלאָררייכן רוים אַרום אונדזער פּלאַנעטע;
דעם וועג דיינעם קיינמאָל זאָלסטו ניט פאַרלירן
אפילו אין נעכט אין פאַרכמאַרעטע, שפּעטע...

אַ דאַנק דיר פאַר לאָזן מיר שפּינען און וועבן
די העלע חלומות די קינדעדשע, ווידער;
מער כוחות פאַר הייסע געראַנגלען צו שעפּן
און מער זיי פאַרפעסטיקן אין מיינע לידער.

(סעפּט. 1982)

# שלום — יאָ! מלחמה — ניין!

איך און דו, און זי און ער
— קינדער פון דער מוטער ערד —
איין משפחה — קליין און גרויס —
שיקן אונדזער רוף אַרויס
צו דער גרויסער מידער וועלט,
צו סכנות אויסגעשטעלט:
הערט, אָ, הערט, פון גרויס ביז קליין;
שלום — יאָ, מלחמה — ניין!

אָנגעזאַמלט הויכע בערג —
וואַרט שוין גרייט אַטאָם-געווער
מיט זיין מערדערלעכער מאַכט;
ווי אַ גזלן אין דער נאַכט —
וואַרט ער אויפן קנעפּל-דריק
אויסצולעשן לעבנס-גליק...
הערט, אָ, הערט, פון גרויס ביז קליין:
שלום — יאָ! מלחמה — ניין!

וויפל, זאָגט נאָר, איז גענוג?
ס'האָט אַזויפיל שוין פאַרצוקט:
ס'רייסט דאָס ברויט פון קבצנס מויל
פאַר דעם אַרסענאַל פון גרויל...
ברודער, זאָג מיר; שוועסטער, זאָג:
ווען וועט קומען שוין דער טאָג
אויסרופן זאָל גרויס און קליין:
שלום — יאָ; מלחמה — ניין;

זאָל די האַנט פאַרגליווערט זיין,
וואָס וויל אויסלעשן די שיין
איבער אונדזער גרינער ערד
מיטן בליץ פון אַטאָם-שווערד...
זאָל זיך טראָגן הויך און ווייט
אונדזער רוף — עס איז נאָך צייט: —
הערט, אָ, הערט — פון גרויס ביז קליין:
שלום — יאָ; מלחמה — ניין!

פאַלן זאָלן שנאה־ווענט!
פלעכטן זאָלן זיך די הענט
אין אַ שלומדיקער קייט
פון אַ שלום־ליד באַגלייט;
זאָל מיין יידיש־ליד היינט אויך
קלינגען פריי און קלינגען הויך
צו איעדן — גרויס און קליין:
שלום — יאָ; מלחמה — טיין!

(סעפט. 1982)

# דאָס ליד פון קינד...

(דעם אינטערנאַציאָנאַלן יאָר פון קינד געווידמעט)

איך בין נאָך אַ קינד היינט און איצט איז „מיין יאָר",
פאַר מיר דאַרף נאָך אויפגיין דער שיין פון קאַיאָר;

צו מיר און מיין דור דער מאָרגן באַלאַנגט:
די שפע פון פעלד און דאָס פייגל־געזאַנג;

די פרוכט פון דער מי און די מינען און שטעט,
די שיף אויפן ים און דער פּלי צום פּלאַנעט,

און אַלץ וואָס מיט היינט אַזוי רייך איז געבענטשט
דער וונדער־באַפליגלטער, שאַפנדער מענטש.

... כ'בין היינט נאָך אַ קינד, מיט אַ דין־צאַרטער הויט —
פאַרגרייט ניט פאַר מיר מיין פריצייטיקן טויט!

כ'בין נאָך אַ צווייגל אַ פרילינגדיקס קוים —
ניט שטערט מיין צעבלי אין אַ דעמבענעם בוים;

מיט שטאָם פון גראַניט און מיט רוישיקן בלאַט,
וואָס טרינקט פון די קוואַליקע גרונטן צו זאַט

און לאַכט פונעם שטורעם — זיין דונער און בליץ —
און אונטער זיין שאָטן אַ מידן באַשיצט...

... איך בין נאָך אַ קליינס, נאָר מיין חלום איז גרויס,
און כ'וויל ניט די וועלט זאָל פאַר מיר ווערן אויס!

איך קוק פון מיין קליינינקן ווינקל אַרויס
און טיף אין מיין האַרץ עפּעס קוואַלט דאָרט און ברויזט...

אָט טו איך אַ וואַלגער די שטוביקע ווענט
און ס'ווערן צוויי פליגל אין פלי מיינע הענט;

איך לאָז זיך אַרויף איבער ביימער און דאַך
און ס'ווערט מיר דער הימל אַ גלאַטיקער שליאַך;

איך הער שוין ניט מער אין די בלויקייטן דאָרט
פון זידל און שרעקן קיין בייזווייליקן וואָרט.

צערונען איז ווייטיק און פיינטלעכע שמיץ,
צערונען איז צאָרן און ציינער־געקריץ;

עס שטשעמעט דער הונגער ניט מער שוין מיין לייב,
אַ ווינטל מיך גלעט און דעם אומעט פאַרטרייבט;

פאַרוויגט און שטילט איין מיין פאַרשטיקטן געוויין...
אָ, כ׳וויל ניט די וועלט זאָל אויף אייביק פאַרגיין,

און מיין חלום מיט איר, וואָס מיין מאָרגן באַלויכט,
און בלייבן פון אַלץ זאָל נאָר אַשיקער רויך...

איך בין דאָך אַ קינד נאָך און איצט איז „מיין יאָר"—
לאָזט וואַקסן, לאָזט בליען מיין יונגינקן דור!

(1979)

# דער פעסטיוואַל פון ליכט

(דעם יום־טוב חנוכה געווידמעט)

צינדט אָן די ליכט, אַז ליכטיקער זאָל ווערן
אויף אַלע גאַסן טונקעלע און סקווערן,
אַז ווו אַ שאָטן ערגעץ איז פאַרבאָרגן —
פאַרשווינדן זאָל צוזאַמען מיט די זאָרגן...

צינדט אָן, צינדט אָן די שטאָטישע מנורות,
אַז זייער שיין פאַריאָגן זאָל די מוראס,
וואָס יאַטערן אין האַרץ דורך די מעת־לעתן
און אונדזער רו צערייבן און צעפרעסן.

ווער גייט עס הינטער מיר: אַ פריינט? אַ שונא? —
איך הער ניט אויף זיך וווּנדערן און שטוינען;
איך אייל די טריט... ער יאָגט מיך, ווי מיין שאָטן...
נאָר שרעק אַליין האָט שטיין מיך איצט פאַרבאָטן;
איך קער זיך אום... אַ שמייכל אויף זיין פנים —
„גוט מאָרגן, שכן מיינער,״— איך דערקאָן אים...

ווער קומט עס מיר אין אָוונט־שעה אַנטקעגן?
(איך גרייט זיך שוין אויף ביטערע געשלעגן);
נאָר איך דערהער זיין ליבלעכן „גוט נ'אָוונט!״
און ווער פון שרעק אומזיסטיקער אַנטוואָפנט,
און ווען איך הער אים אָנרופן מיין נאָמען,
עס וויל מיין האַרץ אים ענטפערן מיט אָמן.

מיר, אייניקלעך פון מאַקאַבייער העלדן,
מיר צינדן אָן די ליכטעלעך און מעלדן:
זאָל קיינמאָל טויט ניט האָגלען פונעם הימל
אויף עופּהלעך פאַרהלומטע אין דרימל;
אויף גרויע קעפּ פון באָבעס און פון זקנים
און אַלין וואָס לעבט אויף ערד מיט אונדז אינאייינעם...

ווי זונען זאָלן שיינען די מנורות
אויף קעפּ צופרידענע פון אַלע דורות;
און ווערן זאָל אויף אייביק אויסגעלאָשן
דאָס וואָרט מלחמה פון אַ יעדן לשון;
ניט שרעק־אַלאַרם זאָל דאָס אויג צעפּראַלן,
נאָר לידער פריידיקע פון פעסטיוואַלן...

(דעצ. 1982)

# אַוועק איז נאָך אַ יאָר...

פאַרגאַנגען טומלדיק איז נאָך אַ יאָר,
אין לאַנגער ריי פון אייערנעכטנס
פאַרשוווּנדן...
נאָר ס׳טרויערט ניט מיין האַרץ
אויף זיין פאַרגיין;
וואָס האָט די וועלט נאָך אָפּגעשפּאָרט
חוץ ווונדן,
חוץ טיפע אומרו־שפּורן אין געביין?

אַ יעדער טאָג געווען איז אַ דערמאָן:
איין שפּאַן אַן אייביקער,
איין קנעפּל־דריק אַ לעצטער—
און אַלע מאָרגנס צאַפּלען זיך אין קאַן,
מיט פרילינגען — די פאַרביקסטע,
די שענסטע —
מיט שטערן אינעם הימלדיקן בלאָ...

פאַרטאַבלעוועט אַזוי פיל האַרבע טעג
און נעכט פאַרחלומטע
פאַרשווענדט אַזוי פיל,
צוזאַמען מיט אַ גאָלדענעם פאַרמעג —
נאָר ס׳האַרץ האָט דאָך אָן אויפהער
זיך געטובלט
אין כוואַליעס פון צענאַגנדיקער שרעק...

אָ, זע, ווי ס׳הויבט זיך זינלאָזער ווולקאַן,
זיין אינגעווייד —
אַ קאָכעדיקע לאַווע...
איז ערגעץ־ווו אַ רעטונג נאָך פאַראַן
פאַר מענטש,
וואָס איז צעשפּליטערט און צעהאַוועט
און שפּירט ניט מער זיין וואַקלדיקן
שפּאַן...?

איז דאָס אַ ווילדער, נאַכטיקער קאָשמאַר,
וואָס זויגט די העלע פרייד אַרויס
פון אויגן,
זיי זאָלן קוקן ייאושדיק און שטאַר
און זיך הכנעהדיק צו ערד
פאַרבויגן,
ווי פאַר דעם לעצטן, הימלדיקן גזר?

זאָל פון מיין אומרו־ליד אַ יעדער אות
סיגנאַלן וויכערדיק
צעפלאַמען,
אַז ס'זאָל פון ליפּן איינגעקאָוועטע
דער שלאָס
צעשמאָלצן ווערן מיט דער שרעק צוזאַמען,
און ס'זאָל מיט שלום זיך אַ הויב טאָן
און אַ גלי טאָן
יעדער כּוס!

צו אַלע ווייטקייטן מיין ליד איך ווענד:
ניט אָפּגעשטעמפּלט איז נאָך
לעצטע חתימה
אויף בייזן גיהנום־משפּט פון פאַרלענד;
...די בערג — מיט עכאָס ענטפערן
מיין הימען,
און וועלדער וויגן וואַרענדיקע הענט...

(1982)

# צאָרן און טרייסט

אַ שוואַכקייט — נאָך פון קינדער־יאָרן —
איז מיר פאַרבליבן צו פאַפיר;
ווי אַ מאַגנעט, די ווייסקייט קלאָרע
ציט־צו מיין בלויען אויג־קאָליר.

עס טרעפט: איך גיי זיך מיר פאַוואָליע
אין גאַס־גערויש, צי אין דער שטיל;
מחשבות וועגן מענטשנס דאָליע
אין קאָפּ, ווי רעדער פון אַ מיל.

נאָר אָט, אַ גלאַנץ טוט פאַר די אויגן
— ווי פון דער ווייט אַ העלער גרוס —
אַ ווייס פאַפיר, וואָס צוגעפלויגן
און מיט מיין טראָט זיך צופעליק צעקוושט...

איך הייב עס אויף... קיין אות, קיין צייכן...
נאָר ס׳דאַכט זיך מיר: איך הער אים שוין,
דעם קול דעם בעטנדיקן, ווייכן,
וואָס דרינגט אין האַרץ, צום הערן קוים:

„אָ, נעם דיין פען, דיין אויסגערוטע,
אויף מוזע דיינער מער ניט וואַרט;
איין וואָרט אין צייט, איין פערז אַ גוטער —
איז, ווי אַ שטערן אין דער נאַכט...

אָ, נעם דיין פען דיין אָנגעשאַרפטע,
פון טיפן טרער־ים טו אַ שעפּ;
ווו נאָר אַ טרייסט אַ מענטש וועט דאַרפן —
דיין צאָרן־ליד מיט טרייסט פאַרוועב...

אָ, נעם דיין פען דיין אָנגעגרייטע,
מיט מוט פון האַרץ דיינס פיל זי אָן;
און ווו נאָר ס׳קלינגען שקלאַפן־קייטן —
דיין קול צעשאַל און מאָן, און מאָן..."

איך זיץ ביז שפּעט ביים אָפּשיין־לעמפּל,
מיין פּען — אַ גליד פון מיין געביין;
מיר דאַכט: מיין חדר איז אַ טעמפּל,
און אין דער לופט איר הער געוויין...

געוויין פון קינדערישן הונגער,
געקלאַנג פון מערדערישע טריט,
געטרעשטש פון פלאַמענדיקע צונגען
און עכאָס פון אַן אויפשטאַנד־ליד...

אַ שוואַכקייט — נאָך פון קינדער־יאָרן —
איז מיר פאַרבליבן צו פּאַפּיר;
עס רופט, עס וועקט אי טרייסט, אי צאָרן,
און מענטשן־ליבע אָן אַ שיער....

(1982)

## ווי די פּאַלמע ביי מיין פענצטער...

אַ שטאָלצע ביי מיין פענצטער שטייט די פּאַלמע,
דער ווינט פאַרוויגט
איר גרינעם בלעטער־קרוין;
די פייגל-געסט פון וויטן זיך פאַרזאַמלען
און כאָרנווייז
זיי גריסן זיך און שטאַמלען,
פאַרליבטע, זייער צוויטשערישן לוין...

זי האָט מיין הויז־דאַך לאַנג איבערגעשטיגן
און באָדט זיך פריי אין הימלדיקן בלוי;
פרימאָרגנדיק עס צערטלט זי אַ ניגון,
אין אָוונט־צייט, ווען שאָטנס זי פאַרוויגן,
עס קושן שטערן זי מיט פייכטן טוי.

עס טרעפט — אַ פלוצימדיקער הארבסט־געוויטער
פאַרמעסט זיך בייז
זי אויסרייסן פון מאַמע־ערד;
נאָר פעסט עס האַלטן וואָרצלען אינדערניטער,
משפּחהדיק פאַרשוועסטערט
און פאַרברידערט,
ווי ס׳וואָלט די ערד אַליין דעם מאָרד פאַרוועהרט...

זוי דו, אַ פּאַלמע, וואָלט איך איצטער גערן
פאַרוואָרצלען זיך אין אין פאָלק מיינעם געוואָלט,
אַז מיט זיין אויסדויער זאָל איך זיך נערן —
— פאַרמעסטנדיק זיך מיט די וויטסטע שטערן
און זינגען זאָל ניט אויפהערן מיין קול.

און ווען אַ פּויסט אַ שליידער וועט זיך געבן —
געצילט אין מיין
טיף-איינגעוואָרצלטן געביין —
זאָל זיין מיין ליד דער פאַנצער פון מיין לעבן,
און ס׳האַרץ אין מיר
עקשנותדיק זאָל וועבן
דאָס וואונדער-ליד פון קיינמאָל ניט פאַרגיין...

(1981)

# מיין ביבליאָטעק

אַ לעבנלאַנג האָב איך געזאַמלט זיי,
ווי דער, וואָס זאַמלט אין זיין קופּערט צירונג;
איצט שטייען זיי געדולדיק — ריי נאָך ריי —
אין בענקשאַפט נאָך אַ ליבלעכער באַרירונג...

אַ יעדן ספר האָבן מיינע הענט
געצערטלט און פון בייז באַשיצט כסדר —
ביז אויסגעפּוצט זיי האָבן אַלע ווענט
און העל באַחנט דעם חלל פונעם חדר.

כ׳פיר איבער רוקנס זייערע די אויגן —
אַזויפיל אהבת-נפשדיקע נעמען!
עס ווילט זיך מיר אין אָפּשיי זיך פאַרבויגן
און אין מחשבות צומאַכן די ברעמען...

מיר דאַכט: איך הער דאָס קלאָרע קול פון יעדן,
אין שטילע רייד, אין הילכיקע געזאַנגען —
ווי זיי וואָלטן געגאַנגען אין געוועטן,
ווער פריער וועט מיין וויסן-הונגער פאַנגען...

די רוקן-דעקלעך סודותדיק מיר ווינקען
מיט טעמעס פון געדויער און געראַנגלען;
די בליקן מיינע — דורשטיקע — זיי שלינגען
און שיכור ווער איך, ווי פון ווייניקע געטראַנקען.

כ׳האָב גיריק זיי אַ לעבנלאַנג געזאַמלט,
ווי דער, וואָס זאַמלט גייציק זיין פאַרמעגן;
מיין האַרץ אין טיפער דאַנקבאַרקייט איצט שטאַמלט
פאַר אַלץ,
וואָס זיי געטראָגן האָבן מיר אַנטקעגן...

(1981)

# ווי גרינג עס איז...

איך ווייס ווי גרינג עס איז אַריינצופאַלן
אין גרויער נעץ פון פרעסנדיקן ייאוש,
ווען ס'דאַכט זיך דיר: די לעצטע העלע שטראַלן
פון מענטשנס אייביק-פלאַמיקע נביאות
זיך לעשן איבער דיינע מידע וויעס...

די לעצטע חיותדיקע זילבער-טראָפּנס,
זיי ווערן אויסגעטריקנט אינעם ברונעם,
וואָס אַכזר־פויסטן האַלטן אין פאַרשטאָפּן;
עס דאַכט זיך: ס'האָט די שינאה אָט געוואונען —
און לאָזט זיך שוין אין זיגרייכע גאַלאָפּן.

ווי אָפט איך האָב די ליפּן איינגעביסן
אין שעה פון זאָרג, פאַרדראָס און פון יסורים,
און ס'האָבן אויסלאַכער מיין האַרץ געריסן,
ביטחון מיינעם מיט געשפּאָט געשטורעמט,
מיט שטעכל־רייד באַלאַגערט מיין געוויסן...

נאָר איך האָב זייער פּוסטן זיג־האַרמידער
אויף טויזנט־יאָריקן באַריער באַגעגנט;
געוואַכט מיין האַרץ האָט איבער זיינע גיטער
און זיך מיט זיין אין טריישאַפט ניט געזעגנט —
געזונגען האָט עס שטיל באַשירעמדיקע לידער.

די צייט־ווייזערס אין אומרו זיך באַוועגן
און קיינער זייער גאַנג קאָן ניט פאַרהאַלטן...
נאָר אָפּרמאַען עס ווילט זיך פון די וועגן
די שטרויכל־שטיינער, שמוציקע און קאַלטע,
און אַנדרייען די ווייזערס: דעם קאַיאָר אַנטקעגן...!

(1981)

# ס'פאַלט נאָך אַ קינד...

פאַלט נאָך אַ קינד — אַז ווײ און ווינד —
פון האַנט פון גרויזאַמער אַ קרבן;
עס טוט פאַרהוילן אַ פאַרשווינד
אין הייל פון מאָנסטערישע מאָרדן.

די צאַרטע, שמייכלענדיקע פרייד
פון זאַפטיק־קינדערישע ליפּן;
דער ווייסער ציין־גלאַנץ, וואָס צעגייט
מיט חן אין מאַמעס האַרץ אין טריבער;

פון אייגעלעך דער מילדער בליק,
וואָס שפּילט אויף הערצער, ווי אויף האַרפן —
ס'ווערט אַלץ אַכזריותדיק צעפּליקט
און הענט אין טרויער־ווײ זיך וואַרפן...

פאַרשוווּנדן איז שוין לאַנג די רו
פון הינטערגעסלעך אין אַטלאַנטאַ —
די נאַכט אַליין ווייסט: ווען און וווּ
עס לויערט בייז דער אומבאַקאַנטער...

אַ כוואַליע יאָגט מיט צער און שרעק
און מיינע שויבן טוט אַ טרייסל —
איז דען צו לאַנג, צו ווייט, דער וועג
פון דאָרט — אַהער, אויף זיך צו טרייסטן ?

איז מיין קאָליר מיין איינציק שוץ
פאַר מערדער־האַנט, גענערט פון שינאה ?
פאַר דעם, וואָס — פריי און אויסגעפּוצט —
האַלט מאָרד־געוועב זיינען אין שפּינען,

און נאָך אַ יעדן מאָרד — געהיים —
די הענט די בלוטיקע זיך רייבן,
און ווינד־און־ווײ אין יעדער היים
וועט דורך שפּאַרונעס זיך פאַרקלייבן...?

מיין פֿאָלק, ווי דיינער, האָט פֿאַרהיט
די פּרוכט פֿון האַס אין זיין זיכּרון;
געברענט די ערד האָט זיינע טריט —
נאָך אויך פֿאַרפּאַנצערט אים מיט צאָרן...

איז זאָל די הארבע פּרוכט פֿון גרויל
די טריט די שווערע אונדז באַפֿליגלען —
ביז ס'וועט אַכזריותדיקער קנויל
אויף אייביק זיך פֿונאַנדערוויקלען...

(מאַי 1981)

# מיינע טעג...

מיינע טעג, ווי גאָלדענע שיפן
מיט אַנגסטן, מיט מי און מיט ליד —
זיי שניידן אַ וועג צווישן ריפן
אַנטקעגן דעם שטורעם וואָס בריט...

יעדע שעה טוט אַ כוואַליע אַ נייע
אין פּנים אין מיינעם אַ פּלייץ:
אַט וויל זיך פון אַנגסט מיך באַפרייען
און אַט — גלאַט אַזוי זיך אַ רייץ.

אַט קומט זי אַ בייזע אַנטקעגן,
און אַט — פון דער זייט, אומגעריכט —
ווי זי וואָלט פון־שיין פאַרדעקן
געגלוסט מיין צעקאַרבטן געזיכט...

איך ווייס ניט פון וואָסערע קוואַלן
אַ כוח אַזאַ אין מיר שלאָגט:
די כוואַליעס, וואָס בייז מיך באַפאַלן,
צו געבן אַ פעסטן פאַריאָג.

דער היינט ווערט פאַרשלונגען פון נעכטן,
דער מאָרגן — אין טיר קלאַפּט פון היינט;
און מיך ציט צום ברעג צום באַגערטן
נאָך אַלץ די קאַיאָריקע שיין...

מיינע טעג — פול־געלאָדענע שיפן
מיט בענקשאַפטן, דויער און ליד;
זיי שניידן אַ וועג אין די טיפן —
און איך — אין געראַנגל — זיי היט...

(אַפּריל 1981)

# מיין אוצר — דער זיכּרון...

(צום נייעם יאָר 1981)

אויסמעקן וויל איך ניט נעכטיקע טעג,
זיי זיינען אויף אייביק
פאַרקריצט אין זיכרון
און כ'טראָג זיי אין מיר, ווי אַ הייליק געפּעק;
קיינמאָל אין וועג האָב איך זיי ניט פאַרלאָרן:
אין ליכט, צי אין חושך,
אין פרייד, צי אין שרעק...

אויסוואָרצלען זיי — ניט איך קאָן, ניט איך וויל —
אַן אוצר — פּילפּאַרביק —
אין זיי ליגט פאַרבאָרגן:
די זויבערע קינדהייט — דער טייך און די מיל,
דער חדר דער ענגער, די פּליסיקע זאָרגן,
די מאַמישע בליקן
און מי איינגעהילט.

ס'ליגט אין די נעכטנס מיין יוגנט־צעבלי,
דער נס פון דער ערשטער,
פון דיכטערישער שורה,
דער שטראַליקער אָנזאָג פון האַרציקן ליד:
עס טליען ביז היינט נאָך אין בלוט יענע שפּורן,
וואָס איך האָב פון יוגנט פון ווייטער
פאַרהיט...

עס דרעמלט אין זיי — און מיך וואַרעמט ביז היינט —
דער גליאיקער וונדער
פון ליבע צעוואַכטער,
די נאַכטיקע אומרו — צעשטערנט, צעשיינט;
אין שעהען אין שפּעטע, אין שעהען אין צאַרטע,
געגנערט דעם באַנגער האָט
אַ הימלישער ווין...

ניין,
אויסמעקן וויל איך ניט נעכטיקע טעג —
אַן אוצר אויף אייביק
אין זיי ליגט באַהאַלטן.
דער היינט איז מיר גרינגער מיט זיי אויף מיין וועג:
אַ זיכערער אָנשפּאַר, אויב איך וועל אַ פאַל טאָן,
אַ שוץ קעגן אָנפאַל
פון ייאוש און שרעק...

אָ, אוצר דו מיינער, מיין מאָרגן באַגלייט,
באַגזלט צו ווערן —
ניט לאָז זיך פון קיינעם!
די פליגל פון גלויבן איך טו אַ צעשפּרייט
אַנטקעגן דעם מאָרגן — באַזוניקט מיט חנען —
און ס׳ווערט יעדער צער,
ווי מיט ווינטן צעזייט...

(יאַנואַר 1981)

# דער קאַמפּאַס

אַמאָל געוווּסט פֿון שיף דער קאַפּיטאַן האָט
נאָר לויט די שטערן איבער ים דעם וועג;
עס האָט די שיף זיך מיט די כוואַליעס אויסגעטענהט
און דרייסט געשניטן זיך פֿאָרויס מיט איר פֿאַרמעג.

דער ווינט־טיטאַן האָט האַרצלאָז זי געבויגן,
געפּאַסעוועט, געוואַלגערט מיט געפֿאַר;
נאָר ס'האָט די שיף צום שטערן זיך געצויגן
און אינעם כוואַליעס־קנויל אַ וועג פֿאַר זיך צעשפּאַרט...

דער וואַלד־גייער, וואָס האָט זיין וועג פֿאַרלאָרן,
און זיין געהער דערשפּירט האָט וועלפֿישן געוואָי —
אין שטערן־שיין אין נאַכטיקער און קלאָרער
געזוכט האָט ער באַשייד ביטחונדיק אַזוי.

די ביימער־שאָטנס, וואַלדיקע, גערדיכטע,
אין אָרעמס זייערע זיי וויקלען אים אַרום;
נאָר ער שפּאַנט ווייטער דאָרט אַ זיכערער און ניכטער,
ווי ס'וואָלט דער גאַנצער מילך־וועג אים גערופֿן: קום...

צי טראָגן מיך ניט לעבנס־כוואַליעס ווילדע?
צי בין איך מאַכטלאָזער פֿון יענעם קאַפּיטאַן?
צי וויקלען ניט אַרום די שאָטנס היינט מיך מילדער
און גלויב איך ווייניקער פֿון וואַנדערער אין גאַנג?

אויך מיר אַ קאַמפּאַס לויכט העל פֿאַר די אויגן,
מיין שפּאַן איז צו אַ שלום־וועלט געריכט;
און אַזאַ ברכותדיקער רעגנבויגן
מיט אַלע פֿאַרבן זיינע לאַשטשעט מיין געזיכט...

(אַפּריל 1980)

# קינדער־טעג פאַרפלויגענע

חנה ראַווינאַ, מײַן שװעסטערקינד, אין אײביקן אָנדענק

דײַן שטאָלצער טראָט
פאַרלאָזט האָט אונדזער ערד —
און אַלע קינדער־טעג פאַרפלויגענע
זיך האָבן פּלוצים מיר, ווי פון אַ חלום,
אומגעקערט...
ווי טשאַטעס פייגל, רײַך באַפליגלטע
אין זילבער און אין גאָלד,
געטאָן האָבן אַ פלאַטער איבער מיר
זיכרונות פון אַמאָל:
אַ שטעטעלע, צו דער בעריאָזע צוגעטוליעט,
אַ שטיבל מיט אַ גערטנדל דערבײַ,
וואָס פיל־קאָלירנדיק צעבליט זיך
יעדן מאַי.

דער גוטער, שמייכלענדיקער פעטער דוד,
ער מעקלערט ערגעץ אויפן דניעפּער
מיט ביימער אויסגעוואַלגערטע פון וואַלד;
און קומט ער פון דער ווייט אַהיים —
ווערט פול די לופט מיט ווייכן קלאַנג
פון זיינע שטילע רייד,
מיט זיין התלהבותדיקן
„א־לי־הו ה־נ־ביא, ה־תש־בי ה־גל־ע־די",
און מיטן זיפצנדיקן, רחמים׳פולן
„על אם הדרך שושנה מתגוללת..."

די האָרעפּאַשניצע,
די קלוגע, שטרענגע קעניגין פון הויז,
די מומע שרה רבקה —
איר שלאַנק געשטאַלט באַהאָפטן תמיד איז
צום רעדל פון דער „זינגער" ניי־מאַשין
ביז שפּעטן אָוונט —
פון באַגין...

און דו ?
אין שטעט אין ווייטע זאַמלסט איין
די רייפנדיקע יוגנט־יאָרן,
דעם חכמה־אוצר פאַר דיין ווייטערדיקן וועג...
און ווען עס קומט צו טאַטע־מאַמע
דיינס אַ טרייסטנדיקער בריוו,
— אַ טויבן־בלעטל פון אַ וואַנדערדיקער שיף —
צעפינקלט זיך אין זייער בענקנדיקן בליק
אַ לאַנג־פאַרשטיקטע טרער...

כ׳געדענק:
אַראָפּגעקומען ביסט אין שטעטעלע
מיט ברויז פון גרויס־שטאָט אין געמיט,
און ס׳האָט אַ רויש געטאָן אין רואיקן אַרום
מיט אַראָמאַט פון פרילינגדיקן צוויט...
אַרויסגעפירט האָסטו אין בינע־שפּילערייען
חדר־יינגלעך — אַ האַלבן הונדערט —
און ס׳האָט בערעזינס וואָכעדיקע וואָך
צעהוידעט זיך אין יום־טובדיקן וווּנדער...

עס האָט דאָס פריילעכע געזאַנג
פון יענע ניי־אַנטפּלעקטע לידער
אויף ליפּן קינדערשע מיט דאַנקבאַרקייט געקלונגען.
און יאָרן־לאַנג, מיט יאָרן שפּעטער,
ווען ס׳האָט די צייט אויף באַרג־שפּיצן געקלעטערט,
האָט זיך אין האַרץ נאָך אַלץ געפלאָנטערט
— אַ זילבער־פישל אין געפאַנג —
אַן עכאָ פון אַ ציטערדיקן קלאַנג...

כ׳געדענק:
אַ שבת אויף דער נאַכט,
עס האָבן שאָטנס לעצטע שפּאָרן פונעם טאָג פאַרווישט;
דו האָסט ביים ווייס־געדעקטן טיש
פאַרצויגן פאַר די געסט אַ חסידישן מאָטיוו,
ברייט און טיף...

ווען ס'האָט דער לעצטער קלאַנג פאַרשטומט
אין שפּעטער שעה פון נאַכט,
האָט עפּעס הינטער פענצטער־שויבן דונערדיק געקראַכט;
דאָס האָט דער שטעטלדיקער עולם דיר
מיט האַנט־געפּלעסק באַדאַנקט
פאַר דיין ניגונימדיקן ליד־געשאַנק...

דערנאָך...
פאַרלאָזט האָסטו דאָס שטעטעלע
און ס'האָט אַריינגעוואַלגערט זיך ווי פראָסט,
די גרויע וואָך;
ס'האָט זיך די פרייד מיט געסעלעך צעשיידט
און זיך אַוועקגעלאָזט נאָך דיינע טריט;
פאַרבליבן איז אין בין־השמשותן
דער ווידערקול פון יענעם כישופדיקן ליד...

דערנאָך...
ס'האָט זיך אויף יעדן מייל פון גרויסן לאַנד
דער ברודער־קריג צעשפּילט,
און מיט די שטעטלשע געברויזן
איז ס'האַרץ דאָס יינגלשע געוואָרן אָנגעפילט...

האָב איך קיין מאָסקווע דיר אַוועקגעשיקט אַ בריוו,
פון טרוימען קינדערשע אַן אמתער נאַריוו.
האָסטו דער מאַמען דיינער אגב אורחהדיק באַמערקט:
„ישראל חיים שניידט זיך אויף אַ שרייבער,
ווי ס'קוקט מיר אויסעט פון זיין לעצטן 'ווערק'."

דיין וועג האָט דיך אַוועקגעצויגן ווייט:
פון מאָסקווע־מעטראָפּאָליע — הבימהס וויג —
ביז תל אביב;
דו האָסט מיט יעדער בינע־שפּיל
דאָס האַרץ פון טויזנטער באַזיגט...

איז אַט,
דיין שטאָלצער טראָט
פֿאַרלאָזט האָט אונדזער ערד,
און אַלע קינדער־טעג פֿאַרפֿלויגענע
צו מיר זיך האָבן אומגעקערט...

איך דאַנק אַצינד אין מיין געזאַנג
מיין מזלדיקן גורל,
וואָס האָט געפֿירט דערצו,
אַז צוגעטיילט זאָל ווערן מיר אַזאַ געשאַנק:
אַ שוועסטער־קינד
ווי דו.

(פֿעבר. 1980)

# זיידע, לערן מיט מיר יידיש

זיידע, לערן מיט מיר יידיש —
זאָגט מיין טאָכטערס קליינער יאָטל.
קוק איך אָן אים שטאַרק פאַרחידושט:
אויף זיין קעפּל — האָר צעפּאַטלט.

אייגעלעך צעגלאַנצטע פינקלען,
ווי צוויי לעבעדיקע קוילן;
און זיי לאַכן און זיי ווינקען
מיט אַ שמייכל אַזאַ ווילן.

„שרייבסט דער מאַמען בריוו אַזוינע,
ניט קיין וואָרט אין זיי פאַרשטיי איך;
האַלט איך שטענדיק נאָר אין שטוינען—
ווי אַזוי דעם סוד דערגיי איך?

אָפּט צעשפּילט זיך אַזאַ שמייכל
ביי דער מאַמען אויף די ליפּן;
וואָס-זשע איז עס פאַר אַ צייכן,
וואָס האָט צער אירן פאַרטריבן?

וויל איך אַלץ דערגיין און וויסן
וואָס דו שרייבסט מיין מאַמען, זיידע;
אַז איך וויים ניט — טוט פאַרדריסן,
וויל איך לערנען יידיש ריידן.״

נו, אַוודאי, יינגל ליבער,
זעץ זיך דאָ מיט מיר צוזאַמען,
און אַ פּען נעם און שרייב איבער
ס׳שענסטע וואָרט פון אַלע — **מאַמע.**

און אַ צווייטן וואָרט, אַ גרינגן,
לייג איך אויס פאַר דיר דאָ — **טאַטע**;
ביידע ווערטער דאַרפן קלינגען
עטוואָס בעסער, עטוואָס גלאַטער...

הייליק זיינען ביידער ווערטער—
זאָלסט עס אַלע מאָל געדענקען;
דיינע היטער, דיינע וועכטער—
גרייט דאָס לעבן פאַר דיר שענקען...

איצטער קומען אויפן אָרט דאָ
ווערטער, וואָס זאָלסט ניט פאַרגעסן;
ווי צוויי בלומען אין אַ גאָרטן,
ווי צוויי פייגל אין די נעסטן:

ווערטער צוויי שרייב: **זיידע, באָבע,** —
— ניט קיין יונגע, ניט קיין אַלטע;
אַזאַ ליבע, ווי זיי האָבן,
קאָן אַ ים אפילו שפּאַלטן.

איצטער קומט אַ וואָרט אַ פינפטער,
אַזאַ ליכטיקער, אַ ליבער,—
פעלקער אַלערליי פאַרבינדט ער,
טייכן, בערג — ער שפּרינגט אַריבער;

נויג דיין אויער צו, זאָלסט הערן,
ס'איז דאָס וואָרט פון ווערטער: **שלום** —
יעדער אות— אַ העלער שטערן,
אַלע זעען אים אין חלום...

איצטער וועל איך דיר אַ זעקסטן,
גאָר אַ וויכטיקן, נאָך ווייזן;
ס'קאָן דעם מענטשן, סאַמע ערגסטן,
לערנען, ווי דעם האַס צערייסן;

**פריינדשאַפט** איז דאָס וואָרט דאָס העלע
וואָס באַהעפט אַזוי די מענטשן;
ס'קאָן דער איינזאַמסטער מיט איר דאַך
ווי דער גליקלעכסטער זיך בענטשן.

נו, גענוג זאָל זיין היינט, ליבער,
גוט זאָלסטו די ווערטער לערנען;
שרייב זיי טויזנט מאָל נאָך איבער
און פאַרזיי אין האַרץ, ווי קערנער...

זאָל דיין לערע זיין אַ פעסטונג,
וואָס קיין שלאַק וועט ניט צעשטערן;
זאָל דיין וואָרט אין שפּראַך־אָרקעסטער
מוטיק־הויך זיך לאָזן הערן...

(1980)

# אַ מאַמען פאַרגעסן?

(דעם מוטער־טאָג געווידמעט)

פאַרגעסן אַ מאַמען? — חלילה וחס!
מיט ברכות איז האַרץ, ווי מיט ווײַן פול איז פלאַש.
זי האָט דאָך געטראָגן דיך אונטער איר ברוסט,
ווען האָסט נאָך אפילו איר סוד ניט געוווּסט.

דערנאָך דיך געצערטלט, געטוליעט צום לײַב,
און וואָס פאַר אַ קרענק נאָר — געטאָן אַ פאַרטרײַב.
און איבער דײַן וויג זיך געבויגן דורך נעכט,
מיט האָניק פון ברוסט, מיט איר מאַרך דיך גענערט,

מיט שײַן פון איר אויג, מיט חוּן פון איר לײַב:
„וואַקס, מלאכל מײַנס, קלײַב כוחות אָן, קלײַב...״
געדענקסט יענע שעה, געדענקסט יענעם טאָג,
ווען ס׳האָט דיך דאָס לעבן געטאָן אַ פאַרטראָג

פון היימישן ווינקל, פון היימישער נעסט,
אויף וועגן אויף ווײַטע, אויף אײַגענער קעסט...
נאָר זי, אָט די אײַנציקע, פּיבעריש־טרײַ,
געזען האָט דיך גיין, ווי אַ ווינט אויף דער פרײַ;

און ס׳האָט מיטן ווינט זיך געטאָן אַזאַ רים
פון האַרצן אַ שטיק און דאָס אויג אַ פאַרגים...
ווו ביסטו אין רחבות פון לאַנד ניט געווען,
דער אויער געהערט האָט, דאָס אויג האָט געזען?

און זי פלעגט צום קעסטל צום פּוסטן אַרוים,
מיט בליקן באַטאַפּן, פאַרלויפן פאַרוים;
און ווען ס׳האָט דײַן האַנטשריפט איר אויג־בליק באַגריסט,
די פרייד האָט איר האַרץ, ווי מיט כישוף פאַרזיסט.

דערנאָך פון דער וואַנט האָט דײַן יוגנטלעך בילד
געשמייכלט צו איר און איר בענקשאַפט געשטילט...
ווי גיך טוט די צײַט אַ פאַרגיי, אַ פאַרשווינד —
נאָר **איר** ביסטו אַלץ, ווי אַמאָל נאָך, אַ קינד;

טו אַ קוק, ווי די זאָרג רוט נאָך אַלץ אויף איר בליק,
מיט ברכות אין האַרץ פאַר דײַן פרייד און דײַן גליק.

(1980)

# אַ ברכה מאַכט מיין האַרץ...

(לכבוד דעם נייעם יאָר תשמ"א)

אַ ברכה מאַכט מיין האַרץ אַ יעדן אינדערפרי
פאַר יעדן שפּאַן מיינעם און יעדן אָטעם־צי,
וואָס מאַכן וועל איך איבער גאַסן פון דער שטאָט
אַ גאַנצן קיילעכדיקן, אומרואיקן טאָג.

אַ יעדן פריינד, וואָס כ'וועל באַגעגענען אין וועג,
וועל איך מיין האַנט צו אים אַנטקעגן טאָן אַ שטרעק.
און ס'וועט מיין האַרץ אַ ברכה מאַכן פאַר דער פרייד,
וואָס ס'האָט מיין טאָג מיר ווידער צוגעגרייט:

די פרייד, וואָס נידערט איבער מיר פון שטומע בערג,
צעצונדענע קאַיאָריק מיטן פלאַמיקן באַגער,
צו שטייגן העכער נאָך אַריבער פלאַכן טאָל
אַזש ביזן רוים, דעם קלאָרן, ווי קרישטאָל;

די פרייד פון יעדן בלעטל אויסגעפוצט אין גרין,
וואָס שפּילט אין ליבע זיך מיט שטיפערישן ווינט;
די פרייד פון יעדן גרעזל אונטער מיינע פיס,
וואָס — טויאיק בייגנדיק זיך — מיך באַגריסט.

פאַר אַלץ, פאַר אַלץ, מיין האַרץ אַ שטילע ברכה מאַכט:
פאַר טאָג פאַר נעכטיקן, פאַר לעצטער שטילער נאַכט,
וואָס האָט מיין מידן גוף געשענקט די שטילע רו —
אַ גרויס געשאַנק פאַר קליינע טאַטן, וואָס איך טו;

פאַר דער, וואָס טיילט מיט מיר די אייגענע פיר ווענט,
— אַ האַלבן שוין יאָרהונדערט זינט כ'האָב זי דערקענט —
און פאַר דער פרוכט וואָס ס'האָט די ליבע אונדז געשענקט,
און אַלע שטיינער פונעם וועג אַראָפּגעשווענקט.

נאָר ווען מיין קאָפּ דעם קישן שוין באַרירט נאָך חצות,
עס עגבערט ווידער שטילערהייט מיך אַ פֿאַרדראָס:
פֿאַרוואָס האָב איך היינט ניט באַוויזן נאָך עפּעס צו טאָן
אַזוינס, וואָס טאָן איך האָב אָן מי אפשר געקאָנט...

אַ ברכה מאַך, אָ, האַרץ, אַ יעדן אינדערפֿרי:
פֿאַר יעדן שפּאַן מיינעם, פֿאַר יעדן אָטעם-צי,
פֿאַר יעדן טראָפּן פֿרייד, וואָס מיר אַנטקעגן קומט,
און פֿאַר מיין לעבנס-ליד, וואָס האָט נאָך ניט פֿאַרשטומט...

(סעפּט. 1980)

# אומזיסטער געלעכטער

עס טרעפט, אַז מיין פּוס גליטשט זיך אויס
און דער שונא פּלאַצט אויס אין געלעכטער —
ער ווייסט ניט: אַ רגלע בלויז —
און כ׳בין ווידער אין וועג אין גערעכטן.

עס טרעפט, אַז אַ שטיין, אומגעריכט,
צעווונדיקט די הויט פון מיין שאַרבן —
די בלוטיקע וווּנד ווערט פאַרריכט
און ניי־הויט פאַרגליווערט די קאַרבן...

עס טרעפט, אַז מיין שכן פון גאַס,
וועמעס צוטרוי כ׳האָב לאַנג שוין געוווּנען,
אַ שפּריץ טוט גאָר פּלוצים מיט האַס
אין מיין קוואַליקן, לויטערן ברונעם;

ער שטייט דאָרט אויף יענער זייט וואַנט
און שליידערט אין מיר זיינע פיילן...
ער זעט ניט די קונציקע האַנט,
וואָס טוט — אין דער זייט — זיך פאַרווײַלן...

דער קרבן איז ע ר אין געפאַנג,
און ע ר אין דער נעץ איז פאַרפּלאָנטערט;
צעקרימט איז אין נעפּל זיין גאַנג,
פאַרשלייערט — די וועגן באַקאַנטע...

דער שטערן, וואָס טויזנטער נעכט
האָט העל אין מיין האַרץ זיך געשפּיגלט,
שוועבט העכער פון וואָלקן־געפלעכט
אויף מעכטיקע, לויטערע פליגל.

און דער, וואָס מיט רוגזה פאַרפלעקט
די הערלעכע שיין פון מיין שטערן —
אויך ע ר וועט אין גאַנג פון די טעג
מיין ליד פון נ צ ח ו ן דערהערן...

(1979)

# די שחיטה אין גויאַנאַ

עס שרייט דאָס בלוט אין מידבר פון גויאַנאַ
און ס'קייקלט זיך דאָס קול איבער דער ערד;
זאָל דאָרט, ווו ס'איז גערעכטיקייט פאַראַנען,
דאָס קול אַ שניט טאָן, ווי אַ שווערד...

אין וועמעס האַנט האָט אויפגעבליצט דער חלף?
ווער האָט דערלאַנגט דעם בעכער מיטן סם?
פאַרוואָס איז זיי דער גורל דאָרט באַפאַלן
און אויסגעקאַרבט דעם בלוטנדיקן שראַם?

ווער האָט פון היימען אייגענע און מילדע
אין פרעמדלאַנד זיי געגעבן אַ פאַרטראָג —
אַז ליב איז זיי געוואָרן דזשאָנגל ווילדער
און ליב — פון די שאַקאַלן דער געקלאָג?

אָ, וועלכע אויסגערונענע חלומות
האָט זיי אַהין געגעבן אַ פאַרשלעפּ, –
אַז ליבער פון די היימישע מקומות
איז זיי געווען דער זאַמד-צעגליטער סטעפּ?

(האָט ברידערלעכע טרייסט זיי אויסגעפעלט דאָ?
אַ האַנט, וואָס שענקט איר שטיצנדיקע קראַפט
דעם זקן אין זיין הילפלאָזער עלטער,
דעם יונגן מאַן מיט שפּרודלדיקער זאַפט?)

עס האָבן עלטערן געהאַלדזט זיך אין די אָרעמס
און אומגעפאַלן איבער קינדערשן געביין;
ניט צוגעדעקט עס האָבן זיי קיין קברים,
און ס'האָט דעם הימל ניט געשפּאָלטן קיין געוויין...

אין וועמעס האַרץ וועט בריען די חרטה?
און וועמעס ברוסט וועט קאַטעווען על חטא?
און ווער — דעם אויפגעלאָפּענעם צעפּוילטן בלאַטער
וועט מוטיק אויפשניידן מיט זיין לאַנצעט?

עס וועט אַ בלום אין מידבר בליען און פאַרוויאַנען,
ס'וועט פאַלן ערגעץ-ווו אין איינזאַמקייט אַ טרער —
נאָר אויב ס'איז נאָך גערעכטיקייט פאַראַנען,
זאָל זי דאָס האַרץ אַ שניט טאָן, ווי אַ שווערד...

(יאַנואַר 1979)

## זיי וואַרטן...

זיי וואַרטן און — זויפן; זיי וואַרטן און — פרעסן,
און נעענטער רוקט זיך דערווייל זייער טאָג:
די וועלט — אין געאייל — זייער שולד זאָל פאַרגעסן,
די שעה פון פאַרגעבן זאָל געבן אַ שלאָג...

אַרויסקריכן וועלן פון זייערע לעכער
די הענקער, באַצירטע מיט גלאַנץ פון אַמאָל,
און לעכערן ווידער וועט זייער געלעכטער
דעם מענטשלעכן אויער, ווי עגבערס פון שטאָל.

און ווידער זיי וועלן זיך נעמען מיט גאווה
צו שלייפן די נאָך־ניט־פאַרראָסטעטע שווערד
און ווידער צעפלאַמען די חיהשע תאווה
פאַר פייער און בלוט איבער פרידלעכער ערד...

און ווו איז דער הייליקער אָנזאָג פון קרבן:
„זאָל קיינמאָל געשענקט ווערן תליינס פאַרברעך!"
און ווו איז די שבועה פון די, וואָס דערוואָרבן
זיי האָבן ניצחון פאַר יושר און רעכט?

צי אָפּגענאַרט ווידער זיי וועלן פאַרבלייבן
מיט וווּנד ניט פאַרהיילטער, ווי זשאַר, אין געביין,
די אויגן די שלאָפלאָזע, מידע, זיך רייבן
און שטיקן ביחידות דעם שטילן געוויין?

דאָס שאַלנדיק קול פון פאַרשטומטע קדושים
עס רעופט און עס מאָנט, און צעפליקט אונדזער שלאָף:
„אַזוי לאַנג, ווי דער ווינט איבער פעלדער וועט רוישן,
וועט רוישן מיט אים אונדזער אָנקלאָג — באַשטראָף!

דער טויער פון שטראָף זאָל ניט ווערן געשלאָסן,
די וועגן צו אים — מיט קיין גנאָד ניט פאַרשטעלט —
ביז וואַנען דאָס בלוט, וואָס דער שד האָט פאַרגאָסן,
וועט קריגן אַ תיקון פאַר זיך אויף דער וועלט."

(אַפּריל 1979)

## איך זאָג צו זיך...

איך זאָג צו זיך — צום וויפלטן שוין מאָל? —
צו־וואָס אַ הייב געבן דיין שוואַכן קול,
ווען ערגעץ־ווו אין אַ פֿאַרוואָרפֿן לאַנד
הייבט אויף אַ רשע מערדעריש זיין האַנט
און טרעפֿט אַ ווייטן ברודער מיט זיין קנוט,
אַזש ס'טוט אַ שפּריץ פֿון גוף זיינעם דאָס בלוט...?

איך זאָג צו זיך איעדן אינדערפֿרי:
צו־וואָס זאָל בייז דערלאַנגען דיר אַ ברי,
ווען ס'דריקט די נויט אין ענגע שטיבל־ווענט,
ווען ס'קלינגען קייטן אויף געשמידטע הענט,
ווען, אומבאַשיצט, אין פֿלאַם גייט אוים אַ דאָרף
און זיינע ווייען פֿלאַצן אין דיין שלאָף...?

וואָס גייט דיר אָן די טייוולשע געפֿאַר,
אַז ערדישער פּלאַנעט זאָל ווערן זשאַר
און שוואַרצער רויך פֿון דער פֿאַרצוקטער ערד
פֿאַרשלינגען וועט די שטערן פֿון די נעכט?
עס וועלן זון, לבנה מער ניט זען
ווי מענטש דורך מענטש ווערט חיותדיק געשענדט...

אָ, וויפֿל מאָל געזאָגט צו זיך אַליין,
און וויפֿל מאָל געקריצט אַזש מיט די ציין?
אין פֿויסטן איינגעקלאַמערט דיינע הענט,
ווען אַלץ אין דיר האָט צאָרנדיק געברענט...
געזוכט האָסטו אַן ענטפֿער און געמאַנט,
זינט האָסט די ערשטע רישעותן דערקאַנט.

דו צאַמסט און צאַמסט דיין האַס צו אַלדאָס בייז,
וואָס דו נאָר הערסט, און זעסט אַרום און ווייסט...
נאָר קאָנסט אים פֿאָרט ניט איינצאַמען גענוג —
אַזוי פֿיל רו האָט ער פֿון דיר פֿאַרצוקט!
אָ, ניין! — ניט בינד דיין צאָרן אין געפֿענט —
און אונדזער וועלט ניט ווערן זאָל פֿאַרלענדט!

(אַפּריל 1979)

# מיין יידיש לשון

(„פון וואַנען הייבט זיך אָן אַ ליבע"—פון אַ פאָלקסליד)

מיין ליבע צו דיר האָט זיך פרי אָנגעהויבן.
אין וויג שוין ארייגעזאַפּט האָב איך דיין קלאַנג;
דערנאָך האָט מיין ליבע באַהעפט זיך מיט גלויבן,
און ביידע געשפּייזט האָבן הארץ מיינס אין גאַנג,
ווי זאַפטן פון רייפע, פון ווייניקע טרויבן.

צוזאַמענגעפאָרט האָבן שטעטלשע הימלען
הלומות פון קינדהייט מיט יידיש געזאַנג;
געשעפּט כ'האָב פון אלפן, ביתן, און גימלען
מיין אָרעמען וויסן אויף חדרשער באַנק,
ווען ס'האָבן די ברעמען געחלשט צו דרימלען.

די חומש-לעגענדעס, די שטראָף-רייד פון נביא —
געקלונגען האָט זיס זייער יידיש-פּאַרטייטש
אין אָוונטן שפּעטע, אין ווינטער-טעג גראָווע.
גערוט האָט דעם רבינס פאַרכמורעטע בייטש
און אַלץ איז געוואָרן שוין שווה-בשווה.

צעבליט האָט נאָך העלער צו דיר זיך מיין ליבע,
ווען ס'האָבן פאַרזוכט מיינע ליפּן דעם טעם
— אין שעה פון יחידות, אין וואָכן-טעג טריבע —
פון לידער — דעם מישקל, דעם כישוף פון גראַם,
ביז זי איז די ברעגן פון האַרץ מיר אַריבער...

אַרויסגעלאָזט האָב איך מיט דיר זיך פּאַמעלעך
פון חדרשער וועלט מיט געקווענקלטע טריט
אויף וועגן אויף ברייטע, באַלויכטענע, העלע,
פון גאָלדענעם, פאָלקישן אוצר פון ליד,
וואָס האָט זיך געטראָגן פון וואַרשטאַט און קעלער.

צעעפּנט האָסטו פֿאַר מיין בליק דעם פֿאַרגאַפּטן
פֿון זעלטענע שפּייכלערס אַ טיר נאָך אַ טיר;
עס האָט זייער זעט פֿון דערקוויקנדע זאַפּטן
דערפֿרישט מיך מיט איטלעכן נייעם באַריר
אין יאָרן פֿון יענע גראַנגלען פֿאַרשאַרפֿטע...

אָט דאַן האָט, מסתמא, דאָס לעבן אויף אייביק
מיין האַרץ שוין מיט דיר, מיין געליבטע, פֿאַרקנסט;
און ווי ניט געוועזן ס'זיינען וועגן פֿאַרשטויביקט,
איז גרינגער אויף אַקסלען געוואָרן די לאַסט,
ווייל אַלץ האָט געאָטעמט מיט דיר אַזוי גלויביק.

ווי אַלט איז מיין ליבע? — ווי אַלט ס'איז מיין לעבן!
און טיף אין מיין בלוט ביסטו לאַנג שוין אַריין.
ניט היינט נאָר, אויף מאָרגן כ'וועל שעפּן און שעפּן
פֿון קוואַלן פֿון דיינע דעם קרעפֿטיקן וויין,
און מיין ליד אין דיין גאָלדענעם טעפּיך פֿאַרוועבן.

מיר דאַכט: כ'בין נאָך אַלץ אַ בעל־חוב דיר אַזאַ מין,
וואָס אָפּטער אין ליבע כ'האָב דיר זיך דערקלערט —
ווי ס'וואָלט פֿון איר קבר מיין אַלטיטשקע מאַמע,
וואָס האָט איר נשמה מיט תחינות גענערט —
פֿאַרשוואָרן: צו האַלטן מיט דיר זיך אויף תמיד צוזאַמען.

איצט ווייס איך אויף זיכער, אָ, יידיש מיין לשון,
ביסט אַלץ נאָך דער ליכטיקער כּוח פֿאַר מיין ליד;
דער היימישער פֿייער, וואָס ווערט ניט פֿאַרלאָשן
אַפֿילו ווען שונאים דיר ברענען די טריט;
דיין ברונעם — ער קוועלט נאָך, ער איז ניט געשלאָסן,
און זינגען מיט דיר וועל איך קיינמאָל ניט מיד...

(יולי 1979)

# דער פּיאַניסט

איך וואַרף מיין שאַרפן, נייגעריקן בליק
אויף דיינע צאַרטע, צויבער־פינגער;
אָט וועלן זיי אין פריידפולן געוויג
אַ שוועב געבן געזיכערטע און פלינקע.

אין צויבער־קאַסטן וואַרט אַ סודותדיקער תהום
אַז ס׳זאָל אים עמיץ נאָר באַרירן און צעוועקן,
און ס׳וועט פון אים אַ פלייץ געבן אַ שטראָם
פון קלאַנגען, ווי אַ פרילינגדיקער רעגן...

שוין אויסגעלאָשן איז דאָס העלע ליכט
אין אָנגעפּאַקטן טומלדיקן חלל,
און נאָר אויף זיין פאַרוואָלקנטן געזיכט
עס פאַלט אַ זייל פון העלער שיין אַ שמאָלער.

די שטילקייט פלייצט אַרונטער, ווי אַ וואַסערפאַל,
צעפראַלט די אויערן און קאָוועט איין די צינגער;
פון אַלע ווייטע ווינקלען פונעם זאַל
די בליקן ווערן צוגעשמידט צו זיינע פינגער...

באַפרייטע פינגער פון צוויי הערשנדיקע הענט
ווי ווינט־צעיאָגטע, פאָכנדיקע צווייגן;
זיי האָבן דאָ, ווי פרעמדע, ווידער זיך דערקענט
און מיט געקלאַנגען אויפגעריסן זייער שווייגן.

געבענטשטע פינגער פון צעשיידטע הענט אַ פּאָר,
ווזהין אַ צינד אַזעלכע איילנדיק־צעיאָגטע?
אויף רעכטס טוט איינער העכער אַ פאַרפאָר,
די צווייטע נאָר אויף לינקס, פון גורל אַ געלאָקטע.

אָט־אָט, און זיי באַגעגענען זיך אין דער מיט
און איינע מיט דער צווייטער זיך באַהעפטן,
און ס׳ווערט די שטילקייט אַזוי יובלדיק צעבליט
מיט קלאַנגען־בלומען כישופדיק און קרעפטיק.

ווי גיך באַהעפטונג זייערע פאַרשווינדט,
ווי ס'וואָלט דעם גורל נאָר געגלוסט זיך זיי צעשיידן;
פּאָר זינד באַגאַנגענע, מטושטשדיקע זינד,
אויף הפקר־קריג פאַרמישפּטן זיי ביידן...

עס הייבט איין האַנט זיך איבער קלאַווישן אויף רעכטס,
די פינגער טאַנצן, ווי אויף זינגענדיקע לייטערס;
ווי זיי וואָלטן אַרויסגעכאַפּט זיך פון אַ נעץ
און זיך אַליין מיט זיג־לידער באַגלייטן.

אַרויף, אַרויף, און ווייט אַזוי, און דין אַזוי,
און ווערן צווישן וואָלקנס ערגעץ־ווו פאַרלאָרן;
זיי צינדן זיך און טרעשטשען דאָרט, ווי שטרוי,
פון פיינפולע יסורים, צי פון צאָרן.

די עכּסטע הויך זיי האָבן צאַפּלענדיק דערלאַנגט
און ס'האַרץ מיינס צאַפּלט־מיט אין ליכטיקן געפלאַטער—
ווי ס'וואָלט אַ מלאך זיך פאַרגאַנגען אין געזאַנג,
אָדער אַ זעל געריסן וואָלט זיך דורך אַ גראַטע...

די צווייטע האַנט — אַ טיף־פאַרוואָרצלט־גרינער בוים,
וואָס ס'קאָן קיין שטורעם אים ניט איבערקערן;
זי גראָבט זיך טיפער איין מיט אַ געברום
און חלומט שטיל דאָרט פון די מאַניענדיקע שטערן...

אָט פלעכטן פינגער זיך מיט פינגער אין געיעג,
זיי יאָגן זיך צוזאַמען און באַזונדער;
אָט זעצן זיי דערצאָרנט, ווי מיט העק,
אָט, ווי אַ באַרג, זיי קייקלען זיך אַרונטער...

ווי רואיק, איינגעשטילט ווערט מיט אַ מאָל:
אַ שעפּטשען בלוי, אַ מורמלענדיקער ניגון —
ווי ס'וואָלט אַ מאַמעס סאַמעטענער קול
איר עופהלע אין אָוונט־שעה פאַרוויגן.

נאָר קורץ איז בין־השמשותדיקע שעה:
עס יאָגט אַ שטורעם אָן מיט היצן און מיט קעלטן;
פאַרשווונדן איז די וויג, קיין רו איז מער ניטאָ,
און ערגעץ־ווו עס קערן זיך שוין וועלטן...

עס שטייגן קולות ווידער אָן, ווי פון אַ תהום,
זיי שטייגן און זיי פאַלן אין געבייזער,
ווי פון אַ טיפן אונטערערדישן געשטראָם,
ווי פון אַ מדברדיקן, שפּריצנדיקן גייזער.

עס אַמפּערן זיך קלאַנגען אין געקריג,
זיי צינדן זיך און לעשן אין געפלאָנטער;
און ווער האָט דאָ פאַרלאָרן? און ווער האָט דאָ געזיגט?
און ווער געוואָרן ווייטער? און ווער נאָך נאָענטער?

אָ, מייסטער־צויבערער מיט דיינע כּישוף־הענט,
מיט דיינע ניט געפּענטע, אומרואיקע פינגער—
איך האָב אין זיי מיין גורל אייגענעם דערקענט,
דעם גורל פון אַ זוכנדיקן זינגער.

מיט זיי צוזאַמען ראַנגלט זיך מיין האַרץ
אין ענגן אינדערמיט צווישן ליכט און שאָטן;
און, ווי אַ טורעם ערגעץ איבער וואָלקנס, שטאַרצט
אין אויגן מיר דער היינט מיט דראָענדיקן שאָדן...

עס ראַנגלט זיך דאָס האַרץ אין כוואַליקן פאַרפלייץ
פון אומרו, פון דערוואַרטונג און באַשיידונג;
נאָר ס׳מאַניעט דער באַגינען אַלץ נאָך מיט זיין רייץ
אין פרייד׳קער, קאָלירפולער באַגלייטונג.

ניט זאָרג, מיין האַרץ, קיין רו־אָרט צווישן שטערן,
מיט נאַכט־חלומות ניט פאַרכלינע זיך;
דערלאָז זיי ניט דיין לעבנס־זאַפט פאַרצערן,
אַוועקרויבן די שיין פון דיין געזיכט.

ווי אָפּט עס טוט דיך, האַרץ מיינס, אַ פּאַרקלעם
ווען רישעות רייסט פונאַנדער מיינע וויעס;
עס גלוסט זיך ביידע פויסטן געבן אַ צענעם
און, ווי דעם אייז, צעברעקלען זי אויף קריעס...

אָ, ווער ניט מיד, און טענהן הער ניט אויף,
און הער ניט אויף גערעכטיקייט צו מאָנען;
פון דעם פאַרביטערטן געראַנגל ניט אַנטלויף —
אין **אים** אַליין נאָר וועסטו זיך דערקאָנען.

אויף שלאַכטפעלדער פון אייגן האַרץ
דער וועג דער נאַכטיקסטער ווערט העל באַלויכטן;
ווי נאָר אַ ביין אין האַלדז, דער יאוש שטאַרצט
אין פּנים דיר, מיט זאַמדן און מיט רויכן...

די לעצטע טראָפּנס כּוח נעם צונויף,
און זאָל דיין טראָט קיין וואַקל זיך ניט געבן;
דיין יוגנט־חלום פאַר קיין אוצרות ניט פאַרקויף,
ער איז דיין היינט און מאָרגן פון דיין לעבן...

ער וועט פון טיפסטן נידער געבן דיך אַ הויב,
מיט העלער פרייד דיין מיען־זיך באַקרוינען;
ער וועט פון קאָפּ דיינעם אַראָפּשאָרן דעם שטויב
און פאַר דיין לאַנגן אויסדויער באַלוינען.

די בלומען פון דיין טרוים פאַרוועלקן ניט דערלאָז,
און ניט די צאַרטע פלאַנצן פון דיין פאָרשן;
צעשמעטער ניט דיין האָפן, ווי דער האַמער — גלאָז,
און זאָל דיין זוך־פּאַקל ניט ווערן אויסגעלאָשן...

***

ס'האָט אויסגעהויכט דער לעצטער שווין אַקאָרד,
עס רוען פון געראַנגל זיינע פינגער;
דער שטורעם איז אַוועק... דער הימל — אויסגעקלאָרט,
און שווערער אָטעמט זיך און — גרינגער...

(1979)

# „איך האָב אַ טרוים...״

„איך האָב אַ טרוים, אַז אַלע גאָטס קינדער... וועלן זיך נעמען פאַר די הענט און זינגען... 'ענדלעך זיינען מיר פריי!'.״
(מאַרטין לוטער קינג)

שוין לאַנג אויף וועגן בלוטיקע פון ווי
האָט לעבנס-גורל דיך אַרויסגעשליידערט;
און ס'האָט דיין פיינלעכער אַרויסגעשריי
באַגלייט דיך אומעטום אין לענדער ווייטע,
וווהין נאָר ווינטן האָבן דיך פאַרזייט...

איך קוק אויף דיין שוואַרץ-אָפּגעברוינטער הויט,
איך קוק אין דיינע ברונעמדיקע אויגן —
און כ'זע דאָרט דעם פיל'פּנימדיקן טויט,
וואָס האָט אונדז ביידן צו דער ערד געבויגן
אונטער אַ הימל, וואָס האָט שווייגנדיק געבלויט...

געשניטן האָבן שטיינער אונדזער טראָט,
אַריינגעזאַפּט די טרערן האָט די ערד דאָ:
אין דרום — דיינע, מיינע — אין דער שטאָט;
און ביידנס — אין די ענגשאַפטן פון געטאָ —
אויף עמיצנס ענגהאַרציקן געבאָט...

וואָס האָבן מיר בשותּפות ניט געהאַט
אין לאַנגן, הערבן, פינצטערן געוואַנדער?
אי הונגער-פּיין, אי שפּאָטעריי — צו זאַט! —
אויסגעקריצט האָט מיט רויט-סמאַליענדיקן בראַנדן
געשיכטע אונדזערע אַ יעדן בלאַט.

דער שאָפּ האָט דאָך מיר יונג, ווי מיט אַ צוואַנג,
אין זיינע הענט געהאַלטן, ווי אַ תּפיסה;
און דיך האָט קנוט פּלאַנטאַטאָרס, ווי אַ שלאַנג
אַ גיפטיקע, געשניטן און געביסן
און פאַר דיין מי מיט שינאה דיר באַדאַנקט...

אַט דאָ, אויף היגער רחבותדיקער ערד,
— די פּעט־געוואָרענע פוןביידנס שווייסן —
האָט זיך ניט איינמאָל אונדזער קול דערהערט,
דאָס שאַרפע קול אין ראַנגלענישן הייסע,
ווי ס׳וואָלטן לאַנג אין צער און צאָרן אים גענערט.

מיר האָבן זיך געזוכט... און אָפּגעזוכט
ביים האַדסאָן־ברעג און ביי דער מיסיסיפּי;
געגליט האָט פון גערעכטיקייט דער שפּרוך
אויף אונדזערע ביטחונדיקע ליפּן
און ס׳האָט געפּרייט דאָס האַרץ זיך פון זיין פּרוכט.

ווי ס׳פילט מיין האַרץ אָן מיט גענוס
דאָס ליד פון פּעפּער און פון לייוויק —
אַזוי איז ליב מיר ס׳ברוויזיק ליד פון יוהז
און ראָבסאָנס לייבן־קול אין „אָלד מען ריווער״,
וואָס האָט מיט צויבער אָנגעפילט מיין ברוסט.

ווו זאָל איך זוכן היינט אַ צווייטן, ווו ? —
וואָס זאָל, ווי ער, מיט פאָלק־געטריישאַפט גלאַנצן
און מיט זיין קאָפּ דערגרייכן צו דער זון,
אין האַרץ אַריינגענעמען די וועלט די גאַנצע
און אַז זיי קול זאָל הילכן אומעטום ?

און ווו זאָל איך היינט זוכן, ברודער, זאָג :
צו איינשטיינען, דעם ריזן־מענטש, אַ גלייכן,
וואָס האָט אַזאַ מין חכמה־קוואַל פאַרמאָגט
די ספערן טונקעלע פון וויסן צו באַלייכטן
און האָט די גאווה, ווי אַ פעסט, פון זיך געיאָגט?

איך זוך נאָך אַלץ אַ צווייטן צום פראָפעט,
צום שטאָלצן טרוימער פון „איך האָב אַ חלום״;
ער האָט דיין פאָלק געפירט אין אַ געוועט
מיט בייז — כדי אַרויסציען פון טאָל אים —
נאָך אויך צו מ י ר האָט וואָרט נביאישער גערעדט.

נעם צו פון מיינע הענט מיין רייך געשאַנק:
דאָס ליד פון מאַרקיש, פרצעס נאָוועלן —
אויך דיך דערהויבן וועלן זיי אין גאַנג;
עס וועט קיין פויסט דעם וועג דיר ניט פאַרשטעלן
און ניט פאַרשטומען אונדזער ברידערלעך געזאַנג.

עס ציט זיך אַזאַ וווּנדערלעכע בריק
אַריבער אַלע אויפגעשטעלטע צאַמען;
און אינעם שותּפותדיקן גאַנג איך דריק
דיין האַנט די טונקעלע — ירושה פון דיין מאַמען —
אַז קיינער זאָל אונדז שלעפּן אויף צוריק...!

(נאָוו. 1979)

# אַמאָל און היינט...

אַמאָל האָט אַ טאָג, ווי אַ יאָר, זיך געצויגן
און, ווי אַ יאָרהונדערט, איין יאָר האָט געדויערט;
עס האָבן אויף קינדערשע ליכטיקע אויגן
פון שטעטלשע געסלעך נאָר וווּנדער געלויערט...

עס האָבן דאָן שטערן זיך איבערגעווונקען
מיט קינדערשע קלאָרע, פאַרחידושטע בליקן;
און קינדערשע אויערן האָבן געשלונגען
פון פייגל און ווינטן דעם לויטערן ניגון.

אפילו דער הונגער—דער אָפטער באַזוכער—
האָט קינדערשע פרייד ניט געקאָנט אונטעריאָכן:
עס האָבן די זעלטענע שבת־גערוכן
געגערט די צעצויגענע טעג אינדערוואָכן...

...די צייט האָט צערודערט, צעדרייט און צעוואַלגערט
דעם בלייאיקן גאַנג איבער וועלטישע טראַקטן;
די צייט איז אַ האַרבע, אָן אימהדיק־קאַרגע—
זי פליט אין אַ דזשעט־צוג אָן איבערגעפּאַקטן:

די רחבותן שלינגט זי פון פינף קאָנטינענטן,
קיין שפּאַן איז פון איר ניט פאַרהילט, ניט פאַרבאָרגן;
זי וועט ניט אויף אומזין קיין רגע פאַרשווענדן
ווייל זי אין געאייל וויל דערלאַנגען צום מאָרגן...

פאַרנעפּלען דעם וועג באַרג־אַרויף איצט — ווער וויל איר?
דעם טויער צום מאָרגן — ווער וויל איר פאַרשליסן?
די בלוטיקע פלעקן אויף מענטשנס מגילה,
זיי האָבן נאָך ווייניק זיין האַרץ אים צעריסן?

עס טראָגט אים די צייט אויף גינגאָלדענע פליגל,
און אונטער די פליגל אַ שטורעם אַזאַ מין!
גיב כוח דעם קינד אין זיין זיכערן וויגל,
גיב טרייסט און ביטחון געקרייוודעטער מאַמען...

זאָל רישעות דעם חלום פון מענטש ניט פאַרשווען,
די ערד ניט פאַרזייען מיט שטעכיקע גראַטעס;
אין פרידלעכער מי זאָלן פינגער זיך פלעכטן
ביי קרעפטיקע זיידעס און העלדישע טאַטעס.

(סעפּט. 1979)

## מיין ליד — מיין ערשטלינג

(צו מיין 75סטן געבוירנטאָג)

זיי געבענטשט דו ליד מיינס, ערשטליגנ
פון מיין יונגן לידער-קוואַל;
פון דעם פרילינג פון מיין דיכטונג —
ערשטער, אומגעריכטער שוואַלב...

ס'האָט אַ דור געטויכט אין פלאַמען
און מיך אויך מיט זשאַר באַשפריצט;
האָסטו, ליד מיינס, היים און נאַקעט,
אין מיין האַרץ זיך איינגעקריצט.

רויט אויף שוואַרץ ביסט אויפגעגאַנגען,
ווי אַ קנויט — אַ יעדער אות;
דאָס פּאַפּיר— אַ וואַלד מיט קלאַנגען,
יעדער פערז — אַ פולער כוס.

ס'האָט מיין אויג אַ פרייד אַזאַ מין
פון דיין כישוף אָנגעשעפּט;
ס'האָט געדאַכט: אַ קראַנץ פון שטראַלן
האָט מיין קאָפּ אַרומגעוועבט...

האָסט צעפּראַלט פאַר מיר אַ טויער
צו דעם אוצר פון געזאַנג;
בין איך שוין אַזוי פאַרבליבן
ווי פאַרכישופט אין מיין גאַנג.

אַלץ, וואָס כ'האָב אין וועג באַגעגנט:
אַנגסט און פּיין, יסורים, לייד —
האָב איך שפּעט אין אָוונט-שעהן
אין דיין פערז אַריינגעוויט.

פון גערא̇נגל ניט געלא̇פן,
ניט געזוכט קיין שא̇טן־שוץ;
ביסטו הא̇רב א̇פט אויפגעגא̇נגען,
ניט געשליפן, ניט בא̇פוצט.

וויפל לידער אויסגעזונגען
הא̇ט מיין הא̇רץ אין לא̇נגן וועג;
נא̇ר די פרייד פון ליד — מיין ערשטלינג —
א̇ליץ בא̇גלייט נא̇ך מיינע טעג...

(דעצ. 25, 1980)

# טעג פון יידישער גבורה...

זינגען וועל איך היינט פון יידישער גבורה
געהייליקט אין פלאַם קעגן נאַצי־טיראַן;
אויף אייביק פאַרקריצט האָט זי ליכטיקע שפּורן
אין וואַרשעווער געטאָ אויף איטלעכן שפּאַן.

אין דיינע צעפלאַקערטע בונקערס, אָ, וואַרשע,
בין איך ניט געווען מיט געווער אין דער האַנט —
נאָר איך האָב אין בלוטן אין מיינע געירשנט
דיין גבורה־פאַרמעסט מיט דיין אָנזאָג ביינאַנד.

עס וועלן נאָך דורות אין קומענדע יאָרן
אין הערצער זיי טראָגן מיט כבוד און רום;
זיי וועלן דערמאָנען דעם הייליקן צאָרן
וואָס האָט דאָרט געפלאַקערט מיט שייטערס אַרום.

פון הונגער געפּייניקט, מיט לאַטעס באַהאָנגען,
באַוואַכט און באַרינגלט מיט דראָטענע ווענט —
ווי קאָנען אַזעלכע אַרויס קעגן טאַנקען
מיט ברוסטן אַנטבלויזטע, מיט ליידיקע הענט?

פאַרקלעמטע אין חורבות פון וואַרשעווער געטאָ,
פאַרשפּאַט און באַשפּיגן פון הענקער־דעספּאָט —
ווי קאָנען אַזעלכע פאַרטריקנטע בלעטער
אַרויס קעגן סוואַסטיקאַ׳ס אייזערנעם טראָט?

ווי טרוקענע בלעטער אָן צווייגן, אָן שטאַמען —
פון וואַנען — די גבורה? פון וואַנען — דער מוט?
ביי הוילע סקעלעטן — אַ כּ ו ח אַזאַ מין?
אַזאַ מין עקשנות — אין אויסגעצאַפּט בלוט?

ניט איין טאָג, ניט זיבן — נאָר זעקס לאַנגע וואָכן
געהאַגלט האָט פלאַם איבער נאַצישע קעפּ;
זיי זיינען געקומען מיט „הייל" פון ניצחון
און זיינען געפאַלן פון יידישע קלעפּ.

די חיהשע פרצופים, מיט חוצפה געפאַנצערט,
מיט „איבערמענטש" גדלות פון זיג און פון זעט —
פאַר זיי זיינען לענדער געלעגן דאָך גאַנצע
צעפלעט פון פּחדנות, פאַרראַט און געבעט...

זיי קומען פון דאָרט, ווו געשפּילט האָט בעטכאָווען,
פון געטעס און היינעס באַזונגענעם לאַנד —
נאָר זיי האָבן שלאַנגען און וועלף אויסגעכאָוועט
און מעסערס אַריינגעשטעקט זיי אין דער האַנט.

געמאָלדן האָט געטאָ — אין קייטן געקאָוועט —
געזעדט צו דער ווייטער, אַנטשוויגענער וועלט:
„פאַר אונדזער און אייער פאַרגוואַלדיקטן כבוד
מיר וועלן זיך שלאָגן — מיט פרייהייט באַזעלט;

פאַר אויסשוויצעס אַלע, פאַר אַלע טרעבלינקעס,
פאַר שחיטה פאַר גרויזאַמער אין באַבי־יאַר—
נקמה! — גראַנאַטן צעריסענע זינגען
און יאָגן פון הערצער די שרעק פאַר געפאַר;

פאַר טאַטעס און מאַמעס, פאַר באָבעס און זיידעס,
פאַר כלות געשענדטע, פאַר קינדער אין וויג,—
זאָל וואַרשעווער געטאָ פאַר וועלט זיין אַן עדות:
ס'וועט טייער באַצאָלן דער פיינט פאַר זיין זיג...!

עס זיינען פון ערדישע בונקערס און דעכער
געפלויגן די קוילן אין שונאס געביין —
ווייל איבערגעפּילט איז געוואָרן דער בעכער
מיט ווייי און יסורים, מיט בלוט און געוויין...

פיר צענדליק און צוויי היים־צעפלאַמטע מעת־לעתן —
די געטאָ אין שייטערס, דער הימל — אין פלאַם, —
דער טויט נאָר אַליין קאָן דעם אָטעם פאַרלעשן,
דעם העלדן־מוט פון מאַקאַבעישן שטאַם!

ביז לעצטן פאַרמאַטערטן יינגל אין בונקער,
ביז לעצטן פאַרשרפעטן בוידעם און שוועל —
האָט וואַרשעווער געטאָ איר גבורה צעקלונגען
און איבערגעלאָזן־פאַר אונדז איר באַפעל:

און איבערגעלאָזן פאַר אונדז אַ צוואה
מיט בלוט־רויטע אותיות, ווי זונען, פאַרקריצט;
אַז אייביק זי זאָל פונעם הימל דעם בלויען
דערמאָנען אָן אויפהער מיט דונער און בליץ:

„פאַרגעסט ניט דעם תליין, דעם בלוטיקן הענקער,
וואָס אַלץ וואָס איז הייליק האָט גרויזאַם פאַרשוועכט;
דעם מעדרער פאַרגעסט ניט פון קינדער און דענקער,
דער מערדער, וואָס האָט זייער חלום צעשטערט.

פאַרגעסט ניט די דורות אין פלאַמען פאַרלענדטע,
פאַרצוקט און פאַרפייניקט פון האָקן־קרייץ־וועלף...”
אַ וועלט איז געשטאַנען שטום־טויב, אַ פאַרבלענדטע,
און האָט ניט געהערט זייער וויי־געשריי — העלף!

עס האָבן אַזויפיל שוין וואַרעמע פרילינגס
געבליט איבער געטאָ אויף פוילישער ערד —
נאָר רויט איז די וווּנד נאָך,
זי וויל ניט פאַרקילן;
זי שרייט און זי מאָנט,
און וויל ווערן דערהערט...!

זאָל קיינמאָל קיין מערדערשע האַנט זיך ניט הויבן
אויף פרידלעכע היימער, אויף פרידלעכע שטעט!
זאָל קיינער דעם שלום פון פעלקער באַרויבן —
שליסט ענגער די רייען כל־זמן ס'איז ניט שפּעט!

אין דיינע צעפלאַקערטע בונקערס, אָ, וואַרשע,
בין איך ניט געוועזן מיט געווער אין דער האַנט —
נאָר איך האָב אין בלוטן אין מיינע גערירשנט
דיין גבורה, דיין מוט, מיט דיין אָנזאָג בייניאַנד.

(מאַי, 1978)

# איך זוך נאָך אַלץ

(געווידמעט דעם 40־יאָריקן יובילײ פון איקוף)

איך זוך נאָך אַלץ דאָס וואָרט דאָס פּאַסיקע —
נאָר שווער איז מיר אַזוי עס צו געפינען:
דאָס וואָרט פאַר לעבנס־כוואַליעס ראַשיקע,
וואָס אָט באַפאַלן זײ און אָט — צערינען...

זײ קומען אָן פון אומעטום, ווײט־ימיקע;
ווי אין אַ פעלדז, אין האַרץ זײ שלאָגן אָן זיך;
זײ לאָזן איבער צייכנס שראַמיקע
פון הייסן אומרו, בענקשאַפט און פון אָנזאָג...

שוין לאַנג האָט זיך דאָס האַרץ פאַרהאַרטעוועט
פון ליכט־און־שאָטן־שפּיל און זייערע געפעכטן;
ניט איין מאָל מיך ביז בלוט צעקאַטעוועט
ס'האָט דאָס געראַנגל צווישן היינט און נעכטן.

איך פאָרש דעם ביכער־וואַלד, איך בלעטער אים:
ווו איז דאָס וואָרט דאָס צייטיקע צו דעם געראַנגל?
און פּלוצים הייבט מיין האַרץ אָן קלעטערן
אויף בערג פון מאַניענדיקע קלאַנגען...

מיין בליק צעשפּאַלט דעם הימל דעם פאַרוואָלקנטן
און ס'טוט אַ וואָרט אַ שיין מיר פאַר די אויגן:
אַ פרילינגדיקס, פון ערגעץ אַ פאַרוואָגלטס,
און אין מיין ליד עס ווערט אַריינגעזויגן.

אַ פלאַטער טוט מיין פען, אַ זיבערע,
עס יאָגן זיך די אותיות אין פאַרמעסטן;
אַרום מיין קאָפּ — דעם אויסגעניכטערטן —
זײ יובלען, ווי אַ זיגרייכער אָרקעסטער...

פאַרוואָס־זשע זוך איך ווידער, אין גייעג פאַרפלאָנטערטן,
דעם אויפבליץ פון דעם הײַס־געגאַרטן וואָרט?
איך ווייס: אין דעם געווירבל דעם פאַרשאָטנטן
פאַרגרייזט האָט אים שוין מיין געפלעפטער דור...

(מערץ, 1978)

# דעם אַשמדאַי'ס געלעכטער...

„די ניוטראָן־באָמבע וועט פֿאַרניכטן מענטשן, ניט קיין געביידעס"
(פֿון די צייטונגען)

ס'איז ניט געווען קיין דונער־קנאַל
אין מיטן העלן טאָג —
דאָס האָט געקייקלט זיך
דעם אַשמדאַי'ס געלעכטער...
נאָר טיף אין מיר
האָט מענטש זיך יאָמערדיק צעקלאָגט,
ווי ס'וואָלט אַ חלף אויף מיין האַלדז
אַ הייב געטאָן דעם שעכטער.

די שטאָט־געביידעס וועלן אויסשטרעקן,
ווי פריער,
עטאַזשן הונדערטער צום הימל־בלאָ,
נאָר די, וואָס פּלעגן לאַנג איז זיי
זיך אַמפּערן און חלומען און מיען —
אויף אייביק וועלן איינשטומען אָט דאָ...

פֿאַר'יתומטע זיי וועלן שטיין,
ווי מאָנומענטן, שטיל און שטום:
די היים די ליידיקע, די קינדער־שול
און גאָרטן;
ס'וועט נאָר דער ווינט אַליין מיט זיין
געברום,
פֿאַרבלאָנדזשענדיק, אַרומשפּאַצירן דאָרטן...

עס וועלן עלנטע אַראָפּקוקן
די בילדער פֿון די ווענט
און ביכער וועלן איינזאַם טרוימען
אין די שראַנקען;
אומזיסט עס וועלן פֿידלען שוואַנגערן
מיט קלאַנגען —
די סטרונעס וועלן טרויערן פֿאַרשעמט...

עס וועט די רויז אומזיסט אַרויסהייבן
איר זיסן אַראָמאַט,
ווען ס'וועט דער פרילינג קומען מיט זיין כישוף;
און ס'וועט אומזיסט דער שטיפערישער שניי
אין שבט
נאָך קינדער־טריט פון אַ פאַרלאָזטן יישוב.
(צי וועט דער טויט נאָר טרעפן דעם סאָלדאַט
און אויסמיידן דעם זויגלינג מיט זיין רישעות?)

פון וואַנען קומען וועט באַגליקטער יורש
פון דער אומצעשטערטער שפע?
פון וואָס פאַר אַ פּלאַנעט וועסטו אים ברענגען,
אַשמדאַי,
ער זאָל באַחשבונען:
וויפל מזומן, זי — די שפע — וועט באַטרעפן,
און ווער עס וועט די טויטע ווענט
באַלעבן אויף דאָס ניי?

איז דאָס דער לוין פאַר מענטשנס אומגעצאמטער חכמה,
וואָס האָט אַ פּראַל געטאָן פאַר אים דעם רוים
— מיט צוזאָגן די אייניקלעך אויף נאָך מער —
נאָר אויסגעביטן אויף אַ וויסטעניש אַזאַ
זיין טרוים...?

צעקייקל, אַשמדאַי, דיין בלוטיקן געלעכטער
אַז טרעפן זאָל ער, ווי אַ דונער,
אין אַ העלן טאָג! —
עס זאָל אין צייט דערוואַכן פון זיין איינשלאָף
דער גערעכטער,
אין דיין שיגעונדיקן אויסטראַכט,
ווי אַ וויסטן חלום,
געבן אַ צעיאָג...

זאָל פּלאַצן דיין המצאה אין דיין גאָרגל
און זיך אַליין דערווערגן זאָל דיין מייסטערשטיק —
פאַר לויערן אויף אונדזער מאָרגן,
אויף אונדזער ביסל לאַנג־געגאַרטן גליק...
(אַפּריל 1978)

# עס מאַכט זיך אַמאָל...

עס מאַכט זיך אַמאָל דאָך: די כוואַליעס פון לעבן
צעבייזערטע קומען פון נאָענט... פון ווייט...
זיי ווילן מיט צאָרן אַ שליידער דיך געבן
אַרונטער צום תהום... אויף צוריק... אָן אַ זייט...

אָט הייבן זיי אויף דיך פון זיכערן באָדן,
זיי רינגלען צעשויבערט מיט שוים דיך אַרום;
דיין האַרץ ווערט מיט וועלפישער אומרו באַלאָדן,
דיין אויער — פאַרטויבט פונעם כוואַליעס־געברום...

געפּלעפט און פאַרוווּנדערט דו וואַרפסט דיינע בליקן,
אַ חבר דו זוכסט, אַ לאַנגיאָריקן פריינד —
ער זאָל מיט געטריישאַפט די האַנט דיינע דריקן,
דערפרייען דיין האַרץ, ווי מיט לוסטיקן וויין.

און פלוצים באַווייזט זיך אין גרויסן געראַנגל
אַ פריינדלעכער שמייכל, אַ ברודערשע האַנט;
דערקענסט אין די בליקן די זעלבע פאַרלאַנגען —
און דרייסטער צוזאַמען פאָרוים שוין איר שפּאַנט!

אָ, זאָלן די האַרבסטיקע כוואַליעס זיך דרייען
און זאָלן זיי שפּריצן מיט האַס און מיט שוים —
דער אָטעם פון פרילינג דעם שוים וועט צעוויייען
און ס׳וועט זיך באַדעקן מיט צוויט אונדזער בוים...

עס מאַכט זיך אַמאָל... נאָר איך ווייס, אַז ניט אייביק
שטייט אַלץ אומבאַרירט אויף איין־איינציקן אָרט —
אָט, דאַכט זיך, ס׳איז אייזן, און אָט — אַזוי שטויביק,
און וואָס היינט איז פאַרנעפּלט, ווערט מאָרגן צעקלאָרט...

(יאַנואַר 1978)

# דער ניגון פון הארץ...

דער הימל צעקלאַרטער פון אויבן,
פון אונטן — די גרויליקע ערד;
די וואָלקנס, ווי שניי־ווייסע טויבן,
פאַרחלומטע הענגען פאַרקלערט.

ע׳ס טראָגן מיך שטאָלענע פליגל
אויף כוואַליעס פון הימלישן בלוי...
פון וואַנען־זשע שפּרייט זיך אַ ניגון,
ווי גרינגער, פאַרטאָגיקער טוי?

פון וואַנען דערטראָגט זיך זיין פּלאַטער
אַהער אויפן קאָסמישן וועג?
די ערד, אַזוי ווייט, ליגט פאַרמאַטערט
פון טאָגיקן אימפּעט־געיעג;

ס׳דערגרייכט ניט אַהער איר געררודער,
דער בייזער געקלאַנג פון געווער;
דער שטרייט צווישן ברודער און ברודער
פאַרטויבט ניט מיט גוואַלד מיין געהער;

איך זע ניט שטעכיקע צאַמען,
וואָס האַלטן דעם קיילעך צעטיילט;
די ווונד פון די נעכטיקע פלאַמען,
וואָס יאַטערט נאָך אַלץ, ניט פאַרהיילט...

פון וואַנען־זשע טראָגט זיך דער ניגון?
— געוויים פון מיין אייגענעם האַרץ,
וואָס זוכט אַזוי לאַנג שוין אַ תיקון
פאַר אַלץ וואָס איז גרוי און פאַרשוואַרצט...

איך וועל מיט דעם דאָזיקן ניגון
באַטרעטן מיין היימלעכע ערד;
איך וועל, ווי אַ גלאָק, אים צעוויגן
פאַר יעדן, וואָס הערן באַגערט...

ס'וועט עמיץ אים זיכער דערהערן,
זיין אויג וועט אַ שפּיל טאָן מיט שיין;
און אויסווישן וועט ער די טרערן
און ווערן מיין נאָענטסטער פריינד.

ס'וועט קיינער אונדז מער ניט צעשיידן,
ווי פליסיק ניט זיין זאָל זיין מי —
דער ניגון באַשיצן וועטביידן
מיט פריינדשאַפט אין פולסטן צעבלי...

אָ, לויטערער הימל פון אויבן,
איר, וואָלקנס, וואָס שוועבן פאַרקלערט,
ווי הויך כ'זאָל צו אייך זיך ניט הויבן —
מיין האַרץ גייט מיר אויס צו דער ערד...

צו דער פרוכטבאַרער ערד — דער צעקריגטער—
וואָס נישטערט צו אחדות דעם וועג;
אַז אומזין און רישעות — באַזיגטע —
זאָלן מער ניט פאַרגוואַלדן די טעג.

(נאָוו, 1978)

# שלום עכשיו...

(צום 30סטן יובילײ פון מדינת ישראל)

דאָס האַרץ האָט אין שרעק בײַ דײַן װיג זיך געצאַפּלט,
װען דו האָסט די טריט דײַנע ערשטע געשטעלט;
צעבראָכענע רעשטלעך פון נאַציִשן מבול —
פאַר זײ האָט דײַן הימל זיך נאָר־װאָס צעהעלט.

פאַר זײ איז דײַן באָדן געװען אַן עיר־מיקלט
נאָך יאָרן פון װאַנדער, פון חורבן און װײ;
דו האָסט, װי אַ מאַמע אַ קינד, אײַנגעװיקלט
געטרײַ זײ אין ליבשאַפט פאַר נײַעם פאַרזײ.

האָסט אָרעמס צעעפנט פאַר קינדער פון לאַגער,
דעם אָרעמען ביסן מיט זײ זיך געטײלט;
געגעבן אַ דאַך און געשטעלט זײ בײַם אַקער,
די אָפענע װונדן אין הערצער געהײלט...

איך װעל ניט באַזינגען הײַנט דײַנע פּרדסים,
פאַרפלאַנצטע פון יונגע חלוצישע הענט,
װען זון איבער זײ האָט — אַ גליאיקע־הײסע —
אַזױ, װי אַ שטיף־מאַמע בײזע, געברענט.

איך װעל ניט באַזינגען הײַנט דײַנע בנינים,
װאָס הײבן אַלץ העכער צום הימל די קעפּ,
האָסט לאַנג שױן געביטן דײַן קינדערשן פּנים,
געשײדט זיך שױן לאַנג מיט די מײדלשע צעפּ...

איך װעל ניט די אוראַלטע קברים באַזינגען
װו ס'רוט פון קדמונים מײַן ײדישער שטאַם —
אַזױפיל שױן נײַע מצבות עס װינקען
אויף קינדער־געבײן פון מלחמה־צעפלאַם...

מײַן קול הײב איך אויף הײַנט אין לויב פאַר די בױער
פון קלענסטן װאַרשטאַט ביז דער גרעסטער פאַבריק —
אַן אויפהער זײ שמידן דײַן קיום און דויער,
אַן אויפהער זײ שמידן פאַר מאָרגן דײַן גליק.

מיין קול הייב איך אויף אין געזאַנג צו דיין לערער,
צום דיכטער, צום קינד אין זיין שול, צום פּילאָט;
צום פאַרשער פון ווייטע פּלאַנעטן און שטערן,
צום וועכטערביים רודער פון ימישן פלאָט...

און אויב ס׳וועט אַ גלאַנץ טאָן אַ טרער אין די אויגן —
פון פרייד זאָל זי זיין, ווי די זון אינעם טוי;
מיט נחת פון קינדערשן שמייכל ביים זויגן,
מיט נחת פון פרידלעך־צעבויטן געבוי...

ווי זיס איז די נאַכטיקע רו אונטער שטערן
נאָך שעהען פון אימפּעט, פון רעדער־געלאָף,
ווען אויגן פאַרלירן אין שלאָף ניט קיין טרערן
און ס׳האַרץ אין קאַיאַר זינגט אַ פריידיקס: **כי טוב!**

איין ווינקל אַ זיכערס, באַשיצט פון געוויטער,
איין וואַרעמער נעסט פאַרן קינד און זיין וויג,
איז ליבער פון טויזנט דעראָבערטע גיטער
באַנעצטע מיט בלוט אין דעם אומזין פון קריג!

פון איין ראַנד ביז צווייטן, צום פרעמדן, צום שכן —
אַ פרידלעכע האַנט איבער גרענעץ דערלאַנג;
איין שפּאַן אויף צוריק — און דער אייז איז געבראָכן,
איין שפּאַן אין פאָרויס — און ס׳וועט ווידער טאָן באַנג...

זאָל טראָגן זיך העכער, וואָס העכער און ווייטער,
אין יובל־געזאַנגען פאַר שלום דאָס קול —
אַז ס׳זאָלן זיך לעשן פון שינאה די שייטערס
און **שלום** זאָל זיין דער באַליבסטער פּאַראָל!

צעפאַלדעווען זאָל זיך אין לופט איבער דעכער
מיט שלום־סיגנאַלן דיין בלוי־ווייסע פאָן —
אַז קיינמאָל מער זאָל זי ניט ווערן צעלעכערט
פון שינאה, וואָס שטעלט איין דיין לעבן אין קאָן...

צום דרייסיקסטן יובל, צום יום־טוב צו דיינעם,
כ׳הייב אויף היינט מיין כוס און פאַר שלום איך טרינק;
ע׳ר זאָל דיינע היימען און פעלדער באַשיינען —
אָט דאָס איז מיין ברכה אין ליד, וואָס איך זינג.

(1978)

# דער אָנהייב...

(צווי לידער געווידמעט **משה אָלגין**)

דער צאַרישער פויסט, און דער פּריצישער קנוט
דאָס רחבותדיק לאַנד זיי צעדרעשן ביז בלוט;
די ערד איז מיט ווייצן און קאָרן צעבליט,
נאָר הונגער אין לאַנד שפּאַנט מיט טויטלעכע טריט.

דאָס לאַנד איז מיט תּפיסות און תּליות באַצירט,
ווי ס'וואָלט זי דער הענקער צו קבורה געפירט...
נאָר שטאַרקער פון קייטן אַ האַרץ איז, וואָס גליט
מיט פרייהייטס צעלויכטענעם, שטראַליקן ליד.

די יוגנט איז מוטיק, און אָלגין איז יונג:
אין האַרץ, אין נשמה, אין יאָרן;
די יוגנט האָט טרוימען און אָלגין — ער טרוימט
פון אַ מאָרגן אַ העלן, אַ קלאָרן.

צו טרוימען איז גוט, נאָר מיט טרוימען אַליין
קאָנען תּפיסות ניט ווערן צעבראָכן;
און ניט מיט געבעט, ניט מיט טרערן־געוויין,
באַפרייען זיך פעלקער פון יאָכן.

איז גיך די סטודענטישע אַרבל פאַרשאַרט
און געשטעלט זיך אין פאָדערשטע רייען;
מיט פען אין דער האַנט — אַזוי גלאַנציק פאַרשאַרפט —
צו מונטערן, טרייסטן, דערפרייען!

דאָס האַרץ — איבער כוואַליעס אַ שיף —
זיין פען, ווי אַ שווערד אַ צעבלאַנקטע —
פאַרלאָזט ער די שול־באַנק אין קיעוו
מיט דרייסטע באַפרייאונג־געדאַנקען...

אין ווילנע איז ראַשיק, עס רודערט דער „בונד",
באַדאַרף מען אַ צונג, אַ געשליפענע פען;
איז אָלגין — פון פאָלק אַ באַגייסטערטער זון —
אַרויף אויף זיין פּאָסטן מיט אימפּעט פון צען.

זיין וואָרט איז, ווי זשאַר; עס שרפעט און בריט,
זיין וואָרט ווערט דערהערט פון אַרבעטער־ייד;

דער שטורעם פאַרטראָגט אים אין געסלעך פון פיין
און דרינגט, ווי אַ זון־שטראַל, אין קעלערס אַריין.

און ווו ער דערגרייכט — גלייכט אַ רוקן זיך אויס,
און ווו ער בליצט אויף — טוט אַ האַרץ אַ צעברויז...

עס ברעכט זיך דאָס אייז, נאָר דער הענקערשער פויסט
וויל צאַמען דעם שטורעם, וואָס צאָרנט און רוישט.

צו צינדן דעם פלאַם פון געוויטער — ווער וואַגט עס? —
ווערט אָלגין פאַרקלעמט הינטער אייזערנע גראַטעס...

פינצטער און גרויזאַם — די טורמישע ווענט...
נאָר אָלגינס חלומות — צום מאָרגן געווענדט!

ער אין געפאַנג, ווי אַן אָדלער אין שטייג,
נאָר ס'האַרץ אין געזאַנג — צו די שטערן עס שטייגט;

ער — אין געקלעמ, אָבער דאָרט — אויף דער פריי —
הער, ברודער, פאַרגעס; ס'ציטערט צאַרס טיראַניי...

דאָ — שטיל און שטום... „דאָרט רוישט און עס זידט",
און אומעטום הילכט דאָס באַפרייעריש ליד.

ס'וועט קומען דער טאָג — ער איז קומען שוין גרייט —
וועט איבער די סטעפּעס אַ פלייץ טאָן מיט פרייד;

פאַלן אין שטויב וועלן טורמישע ווענט —
אָלגינס גלויבן איז פעסט אין פאָלקס שאַפנדע הענט.

און ווייט דורך די גראַטעס, דורך טונקעלער שויב —
ווי הויך זיינע בליקן זיך טוען אַ הויב...!

(נאָוו. 1977)

# געלעבט, געקעמפט...

(צו אַלגינס הונדערטסטן געבוירן־יאָר)

אַ, לערער מיינער, האָסט אַמאָל געשריבן
אַ האַרציק בריוועלע צו דיין געליבטער —
ביסטו איר טריי שוין ביזן סוף פאַרבליבן
דורך אַלע יאָרן — העלע און באַטריבטע...

דיין לעבנ׳ס זוניק־לויטערע מגילה —
זי שיינט פאַר מיינע אויגן איצט צעוויקלט;
זי רעדט צו מיר מיט ווערטער רעשיקע און שטילע,
כאָטש ס׳האָט דער טויט דיין אָטעם לאַנג פאַרזיגלט.

דיין לעבנס־וועג — ער ציט זיך אַזאַ ברייטער
פון שטעטעלע בוקי אַזש ביז ניו־יאָרקער סקווערן;
און אומעטום — אין שימלדיקן סדר —
פאַרנומען האָסטו יענעמס פיין און טרערן...

פון איינגעצאַמטע געסעלעך פון שטעטל —
צום ברייטן וועג פון פאָלקישע געפעכטן!
אין יונגן האַרץ — פון אומרעכטן אַ צעטל
צו מאָנען פאַר דעם ברודער דעם גערעכטן.

דו האָסט דיין יעדן וואָרט, ווי דימענטן, געשליפן,
אויב ער אַ לויטערער אויף אויערן געפאַלן;
האָסט ער געהיילט, ווי באַלזאַם, מיט זיין טריפן,
האָט ער געוועקט פון שלאָף זיי מיט זיין שאַלן.

אַמאָל האָבן זיך פויסטן אויפגעהויבן,
אַמאָל האָבן זיך שוואַרצאַפּלען צעשמייכלט;
נאָר אַלעמאָל געפעסטיקט האָסט דעם גלויבן,
נאָר אַלעמאָל געשאַרפט האָסטו דעם שכל.

דו האָסט געלערנט: „פאַרן פאָלק האָב דרך־ארץ!״ —
ניט אויסצושעפּן זיינע הכמה־קוואַלן;
ווי מענדעלע, שלום עליכם, פּרץ, —
האָסטו געשעפּט פון אים מיט זויבערע באַקאַלן...

דו האָסט מיט ליבע צו דיין אייגן פאָלק געפלאַטערט
דערפאַר האָסטו אויך אַנדערע געאַכטעט;
עס האָט ביז בלוט געקרענקט דיך און געמאַטערט
די פאַלשע גאווה די פאַרדאָרבענע און האַרטע.

פאַרגאַנגען איז אַ רעשיק־הערלעכער יאָרהונדערט
זינט האָסט צו זון געעפנט דיינע אויגן —
האָסטו ביז לעצטע שעה איר שיין באַוואונדערט
און פאַרן חושך קיינמאָל זיך געבויגן...

פאַרזיגלט האָסט' דיין לעבן מיט „אַ וועלט מיט אַרבעט",
און ס'איז דיין גאָלדן פען פון האַנט אַרויסגעפאַלן —
אין מיט פון טעג פון וויכערדיקע, האַרבע,
ווען ס'האָבן זיך צעיושעט קאַניבאַלן...

אָ, וויפל בלוט־שטראָמען האָבן די ערד צעבאָדן!
וואָס פאַר אַ רישעות האָט זי דורכגעאַקערט! —
נאָר ס'וועט דיין פאָן נאָך אַלץ מיט פרילינג אָנגעלאָדן,
מיט פרייהייט־ליד אומשטערבלעכער צעפלאַטערט.

לערער מיינער, האָסט אַמאָל געשריבן
אַ בריוול דיין געליבטער, דיין באַשערטער...
איצט שרייב איך דיר:
אָ, ווייס, ביז היינט פאַרבליבן
מיר זיינען טריי דיין פרייהייט־פאָן באַגערטער.

עס שיינען אויסגעקריצטע, ווי אויף לוחות,
אויף איר די ווערטער דיינע,
אומבאַפלעקטער לערער!
אָ, ווייס:
עס וועלן ניט די ווילדסטע זאַווערוכעס
דיין וואָרט, דיין אויסגעלייטערטן, צעשטערן!

(דעצ. 1978)

# אייגענע מענטשן

(משה'ן, מיין ברודער, מיט ליבע)

כ'זינג היינט אַ לויב־ליד צו אייגענע מענטשן,
ווייל ס'לעבן אַליין האָט באַצירט זיי מיט רום;
אין שעהען אין שווערע עס ווילט זיך זיי בענטשן
און צוטראָגן חבריש יעדן אַ בלום.

זיי האָבן פאַרעקשנט געשפּאַנט קעגן שטראָמען,
וואָס האָבן געריסן די ערד אונטער זיי;
געשוועבט זייער טראָט האָט אַריבער די תהומען
פון שטעכיקער שינאה, פּחדנות און... ווי.

עס זיינען ניט איינמאָל געשליידערטע פיילן
געפלויגן מיט רישעות אין זייער געזיכט;
מיט חוזק זיך פלעגן די שונאים פאַרווײלן
ווען ס'האָט זיי געטראָפן אַ פייל אומגעריכט...

נאָר פעסט איז געווען זייער טראָט אָן געוואַקל,
ווי איבער אַ פעסטן, אַ שטאָלענעם בריק;
געלויכטן פאַר זיי האָט דער אייביקער פאַקל
פון יושר און פרייהייט, פון מענטשלעכן גליק.

צו אייגענע מענטשן אַ לויב וועל איך זינגען
צו מענטשן פון נאָדל, פון האַמער און זעג;
זיי פלעגן אין גאַנג אָפט אַ טרער אַראָפּשלינגען,
נאָר ווייטער געשפּאַנט אויפן זוניקן וועג.

זיי האָבן מיט שטערן זיך איבערגעוווּנקען,
נאָר קיינמאָל פאַרלאָזט זיך אויף זייער באַראָט;
מיט אייגענע פויסטן אַרויסגעזעצט פונקען,
וואָס האָבן צעוויגט די געשיכטלעכע ראָד...

זיי ווילן אַליין זייער גבורה ניט מעלדן,
עניוותדיק ווייכן פון רום אויבן־אָן;
נאָר איך וויל באַזינגען די דאָזיקע העלדן
און כבוד פאַרדינטן איך מאָן פאַר זיי, מאָן.

# שלום עליכם

(צו דײַן הונדערט־יאָריקן געבורט)

מיר זײַנען דײַנע אײניקלעך
אויף גאָר דער גרויסער וועלט;
אין צער און פרייד דײַן נאָמען האָט
אונדז, ווי די זון געהעלט.

עס איז פון דײַן געבוירן־טאָג
אַוועק שוין אַ יאָרהונדערט,
נאָר דײַן געלעכטער קלינגט נאָך אַלץ
אין היימען, ווי אַ וווּנדער.

אַרויסגעקוקט האָט דײַן גוט האַרץ
דורך דײַנע קלאָרע אויגן
און אויסגעווישט די טרער בײַ די,
וואָס גייען אײַנגעבויגן...

עס האָט דאָס פאָלק פאַרנומען קלאָר
דײַן שטיפערישן לשון,
איז קײנמאָל מער זײַן האָפענונג
געוואָרן אויסגעלאָשן.

אין נויט האָט זיך קאַסרילעווקע
אַ גאַנצן יאָר געוואָרגן —
נאָר מיט ביטחון האָט מען פאָרט
געגרייט זיך פאַרן מאָרגן.

דער דלות האָט באַגלייט זײ דאָרט
פון וויגל ביז דער חופּה
און ס'האָט בײַ יעדן כאַטקע־שוועל
געלאָזט פון מיסט אַ קופּע.

מנחם־מענדל שטעקל־דרייי
און טעוויע'ס טויבן־טעכטער —
עס איז געווען אַזוי אָך און וויי
אַ לעבן אויף געלעכטער...

ס'האָט מאַטעלע דער יתומל
פון אַלעם אָנגעקוואָלן,
ווי ס'וואָלטן אַלע ווינטמילן
פאַר אים נאָר מעל געמאָלן;

ווי איבער ימען יעדע שיף
צו אים נאָר וואָלט באַלאַנגען,
און נאָר פאַר אים וואָלט אינדערפרי
די זון־שיין אויפגעגאַנגען.

מאָטל, מאָטל, מאָטעלע,
מיט אויסגעבלאָסטע באַקן,
האָסט זיך אין הערצער קינדערשע
אויף אייביק איינגעבאַקן...

דער שניידער דער פאַרכישופטער
פון דלות אַ געפּלאָגטער —
אַנשטאָט אַ ציג צו מעלקן זיך
געקויפט האָט גאָר אַ באָק ער...

פאַרלאָרן האָט זיין גרויס געווינס
רעב שימעלע סאָראָקער —
נאָר ניט זיין שטאָלץ מיט עמך־פאָלק,
פון אַלץ דער סאַמע מקור...

אַ וועלט מיט יידן פשוטע
אין אָפּגעוועלקטער שטעטל,
מיט גראָשנדיקע קרעמעלעך
און צרות — אַזאַ צעטל!

פאַרגאַנגען זיינען יענע טעג
ווי וואָלקנס און ווי רויכן —
נאָר דיין געלעכטער קלינגט נאָך אַלץ
ביז היינט, **שלום עליכם**...

(1959)

# זיין טרוים איז מיט אונדז

(דעם אָנדענק פון אַ פריינד געהייליקט)

מיר זיינען ניט איינמאָל פאַר'יתומט געוואָרן
און שטייען פאַר'יתומט היינט ווידער;
אין האַרץ איז דער צער, ווי אַ שטעכיקער דאָרן,
און טרויעריק קלינגען היינט אונדזערע לידער.

אָט ערשט, דאַכט זיך, האָט ער מיט אונדז דאָ צוזאַמען
אין רייען אין אונדזערע מוטיק געשפאַנט;
געשפילט האָט אויף ליפּן אויף זיינע אַ שמייכל
און וואַרעם געדריקט האָט ער פעסט אונדז די האַנט.

געהאַלטן האָט ער זיינע אויגן ברייט אָפן
פאַר אַלץ, וואָס אין לעבן אין קאָכיקן גליט;
דער פאַקל דער העלער פון יושר און האָפן
באַלויכטן האָט שטענדיק אין גאַנג זיינע טריט.

אָ, וויפל צעוואָרפן אין וועג זיינען שטיינער?
צו ווערן געשטרויכלט איז אָפט אַזוי גרינג...
נאָר **דעם** וועט ניט אָפּשטעלן גאָרניט און קיינער,
פאַר וועמען דאָס לעבן מיט האָפענונג זינגט!

און שפּאַנט מיט אונדז איינער מיט שטראַליקע אויגן
און אומגעריכט, פּלוצים, אין וועג טויט אַ פאַל —
די קעפּ די פאַרגרויטע אין טרויער מיר בויגן:
פאַרלאָשן עס האָט זיך אַ יוניקער שטראַל...

פאַרשטומט איז זיין קול איצט, זיין בליק — אויסגעלאָשן,
זיין טראָט וועט אין רייען אין אונדזערע פעלן;
ניט הערן מיר וועלן דעם קלאַנג פון זיין לשון
אין גאַנג אונדזער דרייסטן צום מאָרגן צום העלן.

נאָר וועט מען אַ מיש טאָן מיט יאָר פֿיל שפּעטער
דעם בוך פון זיכרונות פון בויער און שמידער —
אַ שיין טאָן וועט דעמאָלט אויך צווישן די בלעטער
זיין נאָמען, זיין הערלעכער, ווידער און ווידער.

ס'וועט עמיצן פעלן אַ טאַטע, אַ ברודער, אַ זיידע —
נאָר אונדז וועט איצט פעלן אַ זעלטענער פריינד;
אין שייער איז אונדז, שווער, זיך מיט אים צו צעשיידן —
ווייל, אָרעמער, אָרעמער, ווערן מיר היינט...

זיין נאָמען מיר וועלן מיט ליבשאַפט דערמאָנען
פאַר אַלץ, וואָס ער האָט פאַר זיין מיט־מענטש געטאָן;
מיר וועלן נאָך מער איצט פון זיך אַליין מאָנען,
ווייל ער וועט מיט אונדז שוין ניט זיין פון היינט אָן.

איז ענגער די רינגען פון פריינדשאַפט געשלאָסן! —
פאַרברידערט, פאַרשוועסטערט אין פרייד און אין פּיין;
אויב ס'האָט זיך אַ שטערן אין שטורעם פאַרלאָשן —
ניט אויסלעשן וועט זיך אין הערצער זיין שיין...

## צום זעכציקסטן מאָל...

(צום 60סטן יובילײ פון דער אָקטאָבער רעוואָלוציע)

קום נאָך אַ מאָל, קום, העלד אָקטאָבער,
דערמאָן אונדז צום זעכציקסטן מאָל,
ווי הויך דו האָסט — ווידער און אָבער —
גערעדט מיט אַ זיכערן קול:

„די זאַפטיקע ערד פֿאַרן פּויער,
פֿאַר אַרבעטער הענט — די פֿאַבריק;
און פֿלאַטערן זאָל יעדער טויער
מיט פֿאָנען פֿון שלום און גליק...״

אַזוינע געלייטערטע ווערטער,
דערהויבענע, פּשוטע רייד —
און וווּ נאָר אַן אויער — דערהערט ער,
אַ האַרץ אַ צעוויטיקס — פֿאַרשטייט.

ס'האָט רוסישע ערד — פֿון די ערשטע —
אַ שפּאַן געטאָן זיכער — וווּהין? —
דעם אייגענעם גורל באַהערשן,
אין לעבן געפֿינען אַ זין...

די לאַסט פֿון באַעוולטע יאָרן
צעשליידערט האָט יונגער געביין;
דעם קרעציקן צאַרישן דאָרן
פֿאַרמשפּט אויף אייביק פֿאַרגיין.

דער רוישיקער שפּאַן פֿון גיגאַנטן
אַ ליכט־יאָר געפּרעסט אין איין שעה —
צעטרייסלט האָט לופֿט איבער ראַנדן
מיט פֿריידיקן אָנזאָג: כ'בין דאָ!

קום נאָך אַ מאָל, העלער אָקטאָבער,
טו ווידער דער וועלט אַ דערמאָן:
ווי ס'האָבן פֿון אומעטום ראָבן
געלאָזט זיך צעפֿליקן דיין פֿאָן:

פון מזרח, פון מערב, און צפון,
פון דרום — יבשה און ים —
מיט גרילציקן חוזק באַוואָפנט,
מיט שפּאָט און מיט שווערד און מיט פלאַם.

אויפן דאָן, אויף אוראַל, אויף דער וואָלגע,
אין ווייטן פאַרשנייטן סיביר —
באַדעקט האָבן פיינטלעכע פאָלקן
דיין ערד, ווי אַ בייזער געשוויר...

פאַרוואָס האָט מען דיר ניט פאַרגונען
דעם נאַקעטן **אמת** — פאַרוואָס? —
אַז דו האָסט דעם שליסל געפונען
צום גליק־וועג, וואָס הינטערן שלאָס?

דו האָסט די באַלאַגערונגס־קייטן
צעפּולווערט, צעפליקט און צעשטויבט —
און אויפגעבליט האָבן די בייטן
מיט ברויט און מיט פרייד און מיט לויב.

אָ, העלער אָקטאָבער, קום ווידער,
טו ווידער דער וועלט אַ דערמאָן:
ווי ס'האָט זיך דער נאַצי־געוויטער
פאַרמאָסטן צעפּערטלען דיין פאָן;

ווי ס'האָט זיך דעם קוילער־מחבל
דיין ערדישע שפע פאַרלוסט,
און פּלוצים — מיט פלאַמיקן מבול
אַ ציל געטאָן גלייך אין דיין ברוסט...

עס וועלן נאָך דורות באַזינגען
דיין גבורה, דיין ווייַ און דיין זיג —
ווי דו האָסט די נאַצישע רינגען,
די אייזערנע רינגען, צעפליקט.

צי האָט ווער אַ גרעסערן קרבן
אויף וואָגשאָל פון פרייהייט געשטעלט,

ווי דו, וואָס דו האָסט זי דערוואָרבן
פאַר זיך, פאַר אונדז, פאַר דער וועלט?

איך ווייס: מיקראָבן זיך ראָיען
נאָך אַלץ ביי דיין יונג-פרישער הויט;
און ערגעץ נאָך ליגן אין לויער
פאַרבאָרגענע הענדלער פון טויט...

איך ווייס: עס באַווייזן זיך פלעקן
נאָך אַלץ אויף דיין העלן געזיכט —
נאָר ס'גייען דיר פרילינגס אַנטקעגן
מיט לויטערע סנאָפּעס פון ליכט.

זיי וועלן צעשמעלצן די פלעקן,
אָקטאָבער, דו ערשטער, איך גלויב —
און ס'וועלן זיך הענט צו דיר שטרעקן
ווי תמיד: מיט לידער פון לויב!

דער ערשטער אויף ערד... און דער ערשטער
צו שפּאַלטן דעם הימלשן ים;
ניט געטער איצט וועלן דאָרט הערשן,
נאָר קינדער פון מענטשלעכן שטאַם.

געענדערט דעם סדר-העולם
דער ערשטער האָסטו אויף דער ערד,
און דעם, וואָס געדריקט האָט דער זויל אים —
די שפע פון לאַנד אים געהערט.

זינגט איצט דיר אַ יידישער דיכטער
אַ הימן, אַ לויב און אַ שבח;
די צייט איז דיין אמתער ריכטער,
נאָר איצטער, אַ, שטיי אויף דער וואַך...!

קום נאָך אַ מאָל, ערשטער אָקטאָבער,
דערמאָן אונדז צום זעכציקסטן מאָל:
די זיגן וואָס דו האָסט דעראָבערט,
קלינגט העכער פון מעכטיקסטן קול...

(נאָוו. 1977)

# ער גייט אַוועק...

(לכבוד דעם נייעם יאָר)

ער גייט אַוועק... עס איז געווען אים שווער
צו שלעפּן דאָס געפּעק אויף זיינע אַקסלען;
די גרויסע ערד־שיף, וואָס מיר רופן ערד,
— מיט אַלע אירע פיבערן און שלאַקסן —
האָט אים מיט אומרו ברייטהאַרציק גענערט...

ס'האָט אָפּט די אָנגעשטאָפּטע פולווער־פאַס
שיעור־שיעור זיך ניט געגעבן אַ צעדונער,
ווי ס'וואָלטן אַלע אָנזאַמלער פון האַס
דעם שלום־וועג איר ניט פאַרגונען
און נאָר געגלוסט באַדעקן אים מיט אַש...

אָ, וויפל מאָל מיט זון־כוואַליעס געפּרופט
די טליענדיקע האַס־אויוונס פאַרלעשן,
מיט מילדע ווינטן אויסקעמען די לופט
פון גיריקייט, וואָס איילט זיך אויסצופּרעסן
דעם לעצטן טראָפּן פונעם מיענדיקן גוף...?

ס'איז יעדער טאָג אַן אָנהייב און אַ סוף...
ס'איז יעדער יאָר אַ קאַרניוואַל פון יובילייען —
נאָר אויסגעמישט איז פייערלעכער מזל־טוב
מיט צוזאָגן פאַרשעמטע און מיט... ווייען,
מיט אויסגעמיטענער, ניט אויסגעטיילטער שטראָף...

ער גייט אַוועק... האָט קוים זיך ביז אַהער דערשלעפּט,
אַזש זיינע אַקסלען אונטער לאַסט זיך בויגן...
אָ, ניי־יאָר, זע, דער זקן־יאָר איז אויסגעשעפּט —
נעם איבער זיין געפּעק מיט האָפנדיקע אויגן
און טו אַ שפּאַן איבער די דראָענדיקע טרעפּ!

נעם איבער פון זיין האַרץ דעם וואָגיקן פאַרמעג
— פון ניט־דערפילטער בענקשאַפט די ירושה —
די כוחות איינגעדרעמלטע צעוועק מיט דיינע גרוסן
און אויגן טרערנדיקע זאָלסט צעקושן
איבער דיין שווערן צוועלף־חדשימדיקן וועג...!

(סעפּט. 1977)

# אַזאַ מהלך...

רות'ן — מיט ליבע

פון דעמאָלט ביז היינט — אַזאַ לאַנגער מהלך;
אויב איך בין אַ פויגל, ביסטו דאָך אַ מלאך:
אַ פויגל, וואָס וויל נאָר צו באַרג־שפּיצן פליען
און חלומט זיין ליד פון באַגינען ביז שקיעה.
און דו ביסט אַ מלאך — פון פריע פאַרטאָגן
ביז נאַכטיקע שעהען די אומרו צעיאָגן.
אַ זינגער בין איך נאָר פון ערדישע לידער
און דו — מיין געטרייסטער באַשיצער און היטער...

אויגן — אַזש גליען, און גלידער — זיי רייצן,
איז האַרץ צו אַ האַרץ און צו פּלייצע — אַ פּלייצע;
די נאַכטיקע הימלען מיט שטערן זיך חנדלען...
געקומען איז אהרן, געקומען איז שיינדל;
די טריטלעך די ערשטע, די ערשטע דיבורים...
און גלידער — אַ שפע פון צאַרטקייט און גבורה.
ווען האַרץ צו אַ האַרץ איז, צו אַקסל — אַן אַקסל —
איז וואָס זיינען דונער און וואָס זיינען שלאַקסן ? !

ניטאָ מאַרצעפּאַנעס ? — אויך ברויט איז אַן ענין,
אַבי ניט צעטרייסלט פון ליבע דער בנין !
אַ האַרץ צו אַ האַרץ, און אויף ליפּן — שמייכל,
און ווייזט זיך אַן עוולה — פאַרגעס און זיי מוחל !

זומערס און ווינטערס, און היץ און אין שלאַקסן;
די קליינוואַרג — אוים קליינוואַרג —
צעבליט און צעוואַקסן !
ווי פייגל פון נעסטן, מיט אייגענעם ניגון,
אַרויס אויף פאַרמעסטן אויף אייגענע פליגל...

די ווענט פון חדרים באַקלעפּט מיט פּאָרטרעטן,
וואָס רופן און ציען און צערטלען און גלעטן,
און ס'קלינגען אין אויער נאָך אַלץ „טאַטע, מאַמע"
און ס'קוועלן פון פרייד די פאַרוואָרצלטע שטאַמען...

פון דעמאָלט ביז היינט — אַזאַ לאַנגער מהלך;
כ׳בין אַלץ נאָך דער זינגער
און דו ביסט דער מלאך;
און אויב ס׳זיינען שוואַכער געוואָרן די פליגל —
דאָך זינגען מיר אַלץ נאָך דעם זעלביקן ניגון...

(אָקטאָבער 1977)

# איך טראָג נאָך אַלץ...

איך טראָג נאָך אַלץ,
ווי אין אַ סאַמעטענעם אָרון,
אין האַרץ מיינעם די קינדערישע יאָרן;
און, ווען אין בין־השמשות־שעה
כ'לייג צו מיין אויער,
פאַרנעם איך זייער ניגון און געדויער;

דער חדר־ניגון
ביי צעעפנטע חומשים,
מיט פסוקים אָנגעהאָניקטע מיט מאַמע־לשון;
דעם ניגון פון דער מאַמעס
שעפּטשענדיקע ליפּן,
וואָס האָט די זאָרג, ווי בייזע פליגן, אָפּגעטריבן;

די נויט־ניגונים
פון די שניידערשע וואַרשטאַטן:
פון ליבע, סטאַטשקעס און פון טורמע־קראַטן;
די חתונה ניגונים
און דער איכה־יאָמער,
די טרעריקע געבעטן אויף נחמה;

דער טומל פון יאַרידן
מיט קרעמערשע פּרנסות;
די דאָרף־ניגונים פון די פויערטעס מיט קאָסעס;
דעם כוואַליע־מורמל
ביי די ברעגן די בערעזינער,
און וואַלד־גערוישן סודותפולע אין באַגינען...

אין האַרץ ביי מיר,
ווי אין אַ פייגל־שטייג אַ בלויען,
זיי רוען דאָרט באַוואַשענע מיט יוגנט־טויען;
געווען זיי זיינען דאַך
די וואַכזאַמע באַגלייטער
אויף וועגן זאַמדיקע און ביי־וועגן צעדרייטע:

פון שטעטל־געסעלעך
אַריבער דעם אַטלאַנטיק
צו ברעגן ווייטע, ווייטע, אומגעאַנטע...
אָ, אומעטיקע מיינע,
שטעטלשע ניגונים,
איר, טראָפּנס זוניקע פון קינדהייט־ברונעם!

עס האָבן אייך
די ניי־דערוואָרבענע ניגונים
פאַרהילכן ניט געקאָנט מיט זייערע געדראַנגען;
איר זייט די צאַרטע
„ווערבעס ביי די וואַסער־ברעגן״,
וואָס האָבן אַלע צייט־שטורעמס באַגעגנט...

טיף איינגעוואָרצלטע
אין האַרץ זייט איר פאַרבליבן —
איך זאָל זיך ווידער
און אויפסניי אין אייך פאַרליבן;
איך טראָג נאָך אייך אַצינד,
ווי אין אַ סאַמעטענעם אָרון,
אין האַרץ מיינעם,
אָ, קינדער־יאָרן...

(1981)

# דער באַרג פון גאָלד

אין 1975 האָט די וועלט אויסגעגעבן אויף געווער
300 ביליאָן דאָלער. (פון די צייטונגען)

קוק אָן, אָ, וועלט,
דעם באַרג געשוואָלענעם פון גאָלד,
וואָס ווערט אין טויט־געווער
פאַרגילגולט;
זיין שאָטן פינצטערער באַפאַלט
אַ יעדן שפּעלטעלע און ווינקל;
וואָס מער די לוסט די גיריקע
ער נערט —
אַלץ מער די שרעק זיך קייקלט
איבער ערד...

קוק אָן דעם גאָלדענעם,
דעם הונגעריקן באַרג,
און אונטער אים —
די דראָענדיקע קנויטן;
ער שלינגט און שלינגט
און ס'איז די וועלט אים קאַרג
— צוזאַמען מיטן הימל דעם צעבלויטן —
אַזאַ מין הויקער אויף דיין ליכטיקן
געביין
און פרעסט און פרעסט מיט זיינע
זשאַווערדיקע ציין...

די היים — די קיינמאָל ניט געבויטע —
דאָס שטיקל פלייש,
וואָס אינעם טעלער פעלט;
און ערגעץ־ווו אַ קינדס
נעימותדיק געפלוידער,
וואָס ווערט פאַרגליווערט
אין דער קעלט —

דאָס אַלץ, דאָס אַלץ — מיט יעדן שפּאַן
און רוק
דער באַרג דער גאָלדענער פאַרצוקט...

די שול־ווענט און די שול־באַנק
די פּאַרלאָזטע;
די בעט די וואַרעמע
אין ליכטיקן שפּיטאָל —
— און דער געניטער היילער
אויף זיין פּאָסטן —
פאַרשווינדן איינציקווייז
אונטערן באַרג פון גאָלד..

אַזאַ מין שפּע קוואַלט
אַריבער אַלע ראַנדן,
נאָר עמיץ זי פאַרשווענדט
אויף חורבן און אויף שטויב;
און דו, אָ, פאָלק,
מיט קראַפט פון ריזיקע גיגאַנטן,
דו ביסט פון שפּע אייגענער
באַרויבט...

אַזאַ מין גבורה פון די גלידער דיינע
שפּאַרט,
אַז ש גייסט שוין אין געוועטן
מיט די געטער;
זיי האָבן פון די רוימען
פינקלענדיק געכישופט און...
געוואַרט —
דו זאָלסט צו זיי,
חלילה,
זיך ניט געבן נאָך אַ קלעטער...

דו האָסט דעם הימל־דאַך געגעבן
אַזאַ הויב
און וווּנדער נישטערסט אויף די
שטערן;
און דאָ —
זיי וואַלגערן זיך אינעם שטויב
און קענען דיר,
נאָר דיר אַליין,
פון איצטער אָן געהערן...

קוק אָן דעם באַרג —
ער מאַניעט מיט זיין גלאַנץ...
צעשמעלץ אים, וועלט, אָ, וועלט,
און פלעכט זיך אויס פון אים
אַ פרילינג־קראַנץ...!

(סעפּט. 1976)

# פלאַטער מיין ליד...

(אַ מתנה דער „פאָלקס־שטימע" צו איר 30סטן יובילײ)

איבער טויזנטער מייל
פון יבשה און ים,
איבער לופטיקן וועג
וואָס צעשמעלצט יעדן צאַם —
שוועבט יום־טובדיק, פלאַטערט,
מיין פריידיקער גרוס,
(נאָך פון ווײ נישט באַפרייט
און פון נעכטנס פאַרדרוס),
נאָר געלאָדן מיט מוט,
מיט ביטחונדיקן ליכט,
וואָס צום מאָרגן זיך רייסט
מיט איר גאַנצן געוויכט.

פלאַטער, פלאַטער, מיין וואָרט
פון אמונהדיק ליד,
צו דער ערד, וווּ דיין קלאַנג
נאָך עקשנותדיק בליט;
צו דער ערד, וואָס גענערט
האָט דיין דורות־געביין
און געמישט אין איר זאַפט
איז דיין שוויים און געוויין;
צו דער ערד, וואָס געשענקט
האָט דיר אויך שלווה־רו,
ווען געפייניקט האָט דיך
בייזע פויסט אַנדערש־ווו...
ס'איז געהייליקט די ערד
מיט מאַרטירערשן בלוט,
און די הייליקייט נאָך
איבער קברים־בערג רוט...
זאָל קיינמאָל קיין ווינט מער
פאַרלעשן דאָס ליכט,

וואָס אויפגעשטעלט האָט
איבער יעדן פאַרניכט,
און פאַרלאַטעט די וווּנד
און די טרער אויסגעקושט,
און געוועקט טיף אין הארץ
אויפדאָסניי לעבנלוסט.
זאָל געבענטש זיין די האַנט,
וואָס דעם וואָרט־פאַקל האַלט
און די פונקען פאַרזייט
ווו דער טרויער באַפאַלט...
געבענטש איז דער פלאַם,
וואָס צעשמעלצט ברודער־האַס
און געבענטשט איז דאָס וואָרט
וואָס מיט ליכט איז פאַרקנסט;
און דעם יאוש ראַמט אָפּ
און דעם חושך צעשפּאַלט,
און באַטראָטענעם וועג
מיט זיין שפּע באַשטראַלט...

(אָקטאָבער 1976)

## פאַרשעם ניט די נעכטיקע לידער...

אין שעהען פון איינזאַמע, שלאָפלאָזע נעכט —
פאַרשעם ניט, פּאָעט, דיינע נעכטיקע לידער,
וואָס אויסגעשמידט האָסט זיי אין פלאַם פון געפעכט,
ווען שאָל פון געוויטערם — פון הוילן דערנידער —
צעהילכט איבער ערד האָט דאָס מענטשלעכע רעכט.

די נעכטיקע לידער, ווי האַמערס אין הענט,
— אין שטורעם געבוירענע, שטורעם-גענערטע —
זיי האָבן צעשפּליטערט די רייזענשע ווענט;
מיט שלום־חלומות — פון דורות גענערטע —
זיי האָבן צו מזרח די אויגן געווענדט...

ס׳האָט לעבן־זאַפט רוי אין די לידער געטריפט...
פון פאָרגייער שטאָלצע געשעפּט האָסט יניקה,
פון פאָלקישע קוואַלן, וואָס בויערן טיף;
עס האָבן דאַן פערזן געשפּרייט זיך, ווי בריקן,
און ניט מיט קיין ווערטער, ווי שפּילצייג, געשטיפט.

מיט זיי — אין פאַרמעסטן, מיט זיי — אין געוועט;
אין זיי — פונעם גלויבן די ליכטיקסטע פונקען;
אין זיי — דער צעפלאַקער פון קעמפער־פּאָעט;
פון זיי האָבן זקנים און קינדער געטרונקען
דעם וויין פון נצחון אין חרובע שטעט...

דער נעכטיקער ניגון צעבויערט דעם צער...
די נעכטיקע לידער — וואָס זיינען דערוועדער —
עס טליעט אין זיי נאָך דער נעכטיקער זשאַר;
פאַרזיגלט אין זיי ווערט, ווי נעכטן, היינט ווידער
פאַר רויב און פאַר רישעות דער אייביקער גזר...

אין שאָטן־געקלאַמער, אין זוניקער בראַנד —
מיר וועלן זיי טראָגן, ווי משהס געבאָטן,
מיט ליבע צום פאָלק ביז צום ענדלאָזן ראַנד...
נאָר יענע וואָס האָבן די פאָנען צעטראָטן,
ניט אָפּטאָן פון זיי וועט זיך קינ׳שע שאַנד.

דער וועג איז געשטיינערט פאַר איטלעכן טראָט...
ווי אָפט איז דער ברודערשאַפט־חלום געוואָרן
באַשפּיגן פון ציניקערס פוילן געשפּאָט;
נאָר נסימדיק לויכט ער, ווי ווידער געבוירן,
אין לויטערן אָפּשיין פון דיכטערס גענאָד.

דער ניגון פון נעכטן דעם מאָרגן באַגריסט;
די נעכטיקע לידער, ווי נעכטיקע טאַטן,
זיי ווערן אויך היינט ניט פאַרהילכט, ניט פאַרוויסט;
אויב וועסט זיי אין אייגענעם האַרץ ניט פאַרראַטן —
דאַן האָסטו געמיט זיך, מיין פריינד, ניט אומזיסט.

דער יאוש, וואָס ווערעמט אין בלוטן, צעטרעט!
באַקלאָג ניט דיין נעכטיקן הייסן צושטייער,
אויף ליפּן אויף דיינע ניט ברענג קיין על־חטא;
אין גאַנג פון באַפליגלטע וועלטן־באַנייער—
די נעכטיקע לידער פאַרשעם ניט, פּאָעט!

(פעבר. 1976)

## צי ווייסטו, ווי לאַנג ? . . .

צי ווייסטו, ווי לאַנג ס'האָט גענומען דער ערד
מיט ביימער און גראָז זיך באַפּוצן,
און נאָכדעם באַשאַפן די קרוין אירם — דעם מענטש,
ער זאָל מיט איר גאָב זיך באַנוצן ?

מיט זאַפט פון איר פרוכט, מיט דעם האָניק פון בין,
מיט טראָפּנס פון לויטערסטן קוואַל;
חלומות און רו האָט די נאַכט אים געשענקט,
די זון האָט די טעג אים באַשטראַלט.

די ערד, מאַמע־ערד, ניט געקאַרגט האָט איר גאָב;
צעעפנט די אוצרות: „קום, נעם —
מיט רידל און האַמער, מיט אַקער און זעג,
נאָר מיך, אָ, געדענק, ניט פאַרשעם"...

און דו האָסט געשעפּט פון איר רייכן פאַרמעג
מיט קראַפט מיט געבענטשטער פון הענט;
באַדעקט האָסט מיט שטאָלענע גרוים־שטעט איר לייב,
מיט דאַמבעס די טייכן געפּענט;

די ימישע רחבות מיט שיפן צעקרייצט,
די תהומיקע טיפן צעפאָרשט;
עס האָבן די רוימען דיין נייגער געררייצט,
די שטערן — פון וויסן דיין דאָרשט...

ס'איז קאַרג דיר די ערד פאַר דיין בליץ־שנעלן שפאַן
און זוכסט שוין אין הימלען דיין גליק...
נאָר ביסט היינט צעשפּליטערט אויף שונאים און פריינד,
אַליין, מיט זיך גופא, צעקריגט.

דו זאַמלסט און זאַמלסט די אויסמאָרד־געווער —
ווי שווער איז געוואָרן דיין לאַסט !
עס דאַכט זיך, די ערד שאַלט אין יעדנס געהער:
„פאַרשטאָפּ די ווולקאַנען פון האַס !

צו שאַפן האָב איך אַזוי לאַנג זיך געמיט —
צעטויש ניט מיין האָב און רואינען;
צעעפן פאַר פריינדשאַפט די טיר פון דיין האַרץ —
דיין גליק וועסט אין שלום געפינען..."

(דעצ. 1976)

# דער געבענטשטער זינגער...

(פּאָול ראָבסאָנען — געווידמעט)

די פּיין די טיפע פון אַ פאָלק אין קייטן
געפלאַטערט האָט שטיל־שטום פון דור צו דור
אויף וועגן שמאָלע, טרויעריק פאַרווייטע
מיט אומרו פון קאַיאַר אַזש ביז קאַיאַר...

געפלאַטערט אונטער ווייטע, שווייגנדיקע שטערן
געזוכט פאַר זיך אַ פויק און אַ טרומייט —
אַרויסצופלאַצן — דורך די איינגעצאַמטע טרערן —
די פּיין, וואָס האָט זיין פאָלק יאָרהונדערטער באַגלייט.

ביי ברעגן מוטנע פון דער מיסיסיפּי,
אויף פעלדער וואָלענע פון דרום־טאָל —
געזוכט האָט זי מיט שמאַכטנדיקע ליפּן
אַ שאַלנדיקן, טרייסטנדיקן קול;

אַ קול, וואָס זאָל זיך מיט דער פּיין פאַרגלייכן
און זאָל די טיפע ווייטיקן זיין ווערט;
וואָס זאָל אַריבערהילכן בערג און טייכן
און זיך אַ קייקל טאָן אויף גאָרער ערד...

געזוכט... געזוכט... ביז ס'האָט דיין העלער שמייכל
דעם נעפּל דורכגעשניטן, זינגער **פּאָול**,
און איבער לאַנד, ווי אין אַ ציטערדיקן, הייכל
צעשאַלט האָט זיך דיין צויבערפולער קול.

דערקענט כ'האָב, ברודער, אין דיין „אָל' מען ריווער"
מיין פאָלקס געזאַנג פון ניט־געשטילטן וויי;
מיין הארץ האָט, ווי אין כישוף, איינגעגליווערט,
ווען אין דיין ליד דערהערט האָב איך אויך מיין געשריי...

ווי פריש און גבורהדיק געמונטערט האָט דעם אויער
דיין „זאָג ניט קיינמאָל אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג״!
ווען ס׳האָט דער שונא אויף די וועגן נאָך געלויערט,
אין זיג אין זיכערן בטחון האָסט געוועקט.

עס גלעט נאָך אַלץ די הויכע ווענט פון זאַלן
דיין פאָטערלעך געזאַנג „אַז דו מיין קינד״,
און הענט־קלעפּ טויזנטפאַכיקע צעפּראַלן
פאַרהאַקטע טיר־און־טויער, ווי אַ שטורעמווינט.

ווי שטאָלץ געבונטעוועט האָסטו זיך אין „אָטהעלאָ״,
ווי צאַרט האָסט אויסגעברומט דעם צער פון „וואָטער־באָי״;
... נאָר ס׳האָט אַ פויסט אַ דיין מויל געוואָלט פאַרשטעלן,
פאַרהילכן מיט אַ וועלפישן געוואָי...

פאַרדאַרן וועט די פויסט, פאַרשטומען — וועלף־געיאָמער,
אַן אַנדער דור געפאַנצערט ווערט אין שטאָל;
און אויב מיט אונדז, אָ, זינגער, ביסט ניטאָ מער —
אין הערצער קלינגען וועט נאָך לאַנג דיין קול...

(פעב. 1976)

# דער האַנט-דרוק פון שלום

(צו דער באַגעגעניש פון אַמעריקאַנער און סאָוועטישע
אַסטראָנאַטן אין רוים דעם 17טן יולי, 1975)

אונטן — ערד, פון אויבן — שטערן,
אַסטראָנאַטן — אין דער מיט;
און אַ גרוס פון פרייד און טרערן
פון די הערצער צו זיי פליט...

אונטן — גרענעצן באַוואַכטע,
אויבן — ספערן, אומגעצאַמט;
אונטן — זשאַר פון שרעק, פאַרדאַכטן,
אויבן — גלי פון שטערן-זאַמד.

בראַוווע: כטעפאַרד, בראַנד און סלעיטאָן
און וואַלערי, אַלעקסעי —
ברכות הייסע אייך באַגלייטן:
בליען זאָל, וואָס איר פאַרזייט...

דריקט די הענט זיך פעסטער, פעסטער,
שלום-פונקען צינדט אין בליק;
ס'כישופן פאָרויס פאַרמעסטן —
לאָזט דער וועלט ניט גיין צוריק...

ברעכט די פאַרהאַנגען פון אייזן,
יאָגט די גרוילן פון פאַרדאַכט!
ברודערשאַפט וועט וואונדער ווייזן
פאַר אַ וועלט, וואָס שלום גאַרט.

אַסטראָנאַטן אין „אַפּאָלאָ",
קאָסמאָנאַטן אין „סאָיוז"...
אויב אין רוים געזיגט האָט שלום —
זיגן אויף דער ערד ער מוז!

(1975)

# „די ליבערטי בעל"

## (דער „פרייהייט־גלאָק")

(צו די פייערונגען פון „200 יאָר אַמעריקע")

אַמאָל האָב איך, אָט ווי דעם ים דער אָרעאַגאָן,
די רחבות פון מיין לאַנד צעוואַלגערט;
עס האָט מיין לאַנד, מיין יונגס, געטאָן אַ שפּאַן
אויף ברייטן שליאַך מיט פרייהייט־פאָן אין האַנט —
אין שלאַכט מיט פרעמדן הערשער און זיין מלכה...

צעקלונגען האָט זיך ביזן טיפסטן טאָל
מיין רוף־סיגנאַל אַזש ביז צום פּלאַצן;
און ווו אַ האַרץ — פאַרנומען האָט מיין קול:
אויב פרייהייט ווילסט — איז מיט דיין בלוט באַצאָל,
איז נידער מיט די לאָנדאָנער פּאַלאַצן!

זינט דאַן,
געהאַנגען כ'בין פאַרמשפּט נאָר אויף שווייגן,
ווען שקר האָט געריסן פאַרן צונג;
ווען אמת, ווי די פייגל אין די שטייגן,
— פאַריאָגטע פון די פרילינגדיקע צווייגן —
האָט זיך געשטיקט מיט סם־לופט אין דער לונג...

אָ, וויפל מאָל צעווייגן כ'האָב געוואָלט
די צונג אין מויל מיינעם צעשפּאָלטענעם;
אַז דאָרט, ווו ס'כאַליעט זיך דאָס זינדיק גאָלד,
זאָל איפּרייסן, ווי אַ ווולקאַן, מיין קול
מיט שטראָף־רייד — פון לאַנג־אַן געמאָלדענע...

פון שאַכט, פון אייזנבאַן און וועבערשטול,
פון שולבאַנק און פון שרייבערשע חדרים —
אָ, קומט — מיט הערצער יונג און טרוימענפול —
און פון דאָס ניי צעווייגט מיין צונג אין מויל
מיט פרייהייט־ליד — פון צפון ביזן דרום —
ביז איינשטומען וועט קוואַל
פון גרילצנדיקע שקרים...

עס האָט מיין ליד געשטיקט זיך אין מיין ברוסט,
ווען ס'האָט אַרום געסקריפּעט מיט געפּעלשטע נאָטן;
אַרונטער מיט די נעכטיקע פֿאַרבאָטן —
זאָל מער אין מיר ניט שווייגן דער פֿאַרדרוס!
צעוויגט מיך אין מיין אייזאַמקייט, אין שאָטן —
צו זון און הימל־בלוי
עס ברענט אַצינד מיין לוסט...

(נאָוו. 1975)

# דאָס ליד פֿון ערשטן מאַי

די פֿרעגסט מיך: „ווו געשטאַנען איז מיין וויג
און וועלכע הימלען האָבן מיר געכאָוועט?"
מיין קינדער־וויג צווישן אייזן, שטאָל און בריק
אויף היגער ערד געווען איז איינגעקאָוועט.

געצויגן זיך צו מיר עס האָבן הענט
מאַזאָליעטע פֿון שאַכטעס און פֿאַבריקן,
פֿון חושכדיקע, גראַטעסדיקע ווענט
וואָס פֿלעגן, ווי די וועלף, דעם טאָג צעפּליקן...

ס'איז פֿיינלעך־שווער געווען מיין ערשטער טראָט,
אַ בייזער פֿויסט געזעצט האָט מיר אין פּנים;
מיין יעדן קער אַרומגעצאַמט מיט דראָט,
עס זאָל די זון דערגרייכן מיך ניט קאָנען.

איך האָב פֿון נויט־הוימען אַרויסגעבליט,
ווי ס'בליט אַ פֿלאַנץ אַרויס פֿון אַספֿאַלט־שפּאַלטן;
ס'האָט מיך צו זון עקשנותדיק געציט
פֿון באָדן איינגעפֿראָרענעם און קאַלטן...

עס האָבן שטורעמס מיך אונטערגעיאָגט
אַריבער ווייטע, טיפֿע אָקעאַנען;
און ווו געטונקלט האָט — האָט אויפֿגעטאָגט,
און מידע האָבן אָנגעהויבן שפּאַנען...

מיין וועג מיט תּליות האָט מען יונגערהייט,
ווי מיט געשפּענסטער, טרויעריק באַשלאָגן —
נאָר איך מיין פֿאָן האָב פֿרילינגדיק צעוויייט
און רוף מיינעם נאָך הילכיקער צעטראָגן...

מיין אָטעם גליאיקער האָט מיטבאַגלייט
די מוטיקסטע אויף שניי־וועגן סיבירער;
איך האָב די פֿליגל מיינע אויסגעשפּרייט —
זיי זאָלן די פֿאַרפֿראָרנקייט ניט שפּירן.

פון לאַנד צו לאַנד — אַריבער באַרג און טאָל —
געזאַמלט ענגער האָבן זיך די רייען;
דער ווייטסטער ראַנד באַנומען האָט מיין קול
דורך שרפֿהדיקע היצן און דורך שנייען...

איך האָב מאַרשירט מיט זיי אין פּעטראָגראַד,
אויף גאַסן וואַרשעווער, פּאַריזער און בערלינער;
געהילכט האָבן: „דאַ זדראַסטווויעט", „וויוואַט",
„זאָל לעבן" אין מיין ליכטיקן באַגינען.

געענטפערט האָבן לאָנדאָן און מאַדריד,
און תל־אביב, סאַנטיאַגאָ און האַוואַנאַ —
אַזעלכע יונגע האַפּערדיקע טריט,
ווי פון אַ חלום פלוצים אויפגעשטאַנען...

מיין פאָן האָט ברייטע ערד אַרומגעקרייזט
— אַ טויזנט מאָל צעמעסערטע, צעשפּיזטע;
מיך האָבן אומרעכטן, ווי קראָפּיווע, געשפּייזט
יאָרהונדערטער געפּלאָגטע, וויי־און־וויסטע.

געבלוטיקט כ'האָב אויף באַריקאַדן פון מאַדריד,
געבלוטיקט אויף פאַרגוואַלדיקטע בערלינער סקווערן —
נאָר זינגען כ'האָב ניט אויפגעהערט מיין ליד,
אַז ס'זאָל די וועלט די גאַנצע אים דערהערן...

באַשפּריצט מיט בלוט האָט מען מיך אין שאַנכאַי,
אויף רייז־פעלדער צעבלוטיקט וויעטנאַמער—
נאָר אומעטום — „זאָל לעבן ערשטער מאַי!"
האָט טוכלע ווענט געקרישלט און געהאַמערט...:

...היינט פלאַטערט הויך מיין אויפגעריכטע פאָן,
אויף האַלבן ערד־קיילעך אַן אויסדערוויילטע;
זי פלאַטערט איבער הויפּט־שטעט און זי מאָנט —
פאַרברידערן די העלפטן די צעטיילטע!

אַ רעגנבויגנדיקער זאָל אַ בריק
מיט יעדן פאַרב די ברודערשאַפט פאַרזיגלען;
אַז אייביק זאָל אין אויסגעקלאָרטן בליק
די אויסגעלייזטע פרייד זיך שפּיגלען...

(1980)

## ווי מעסט מען אַ מענטש...?

ווי מעסט מען אַ מענטש: לויט זיין הויך און זיין ברייט?
לויט דער לענג פון זיין שפּאַן איבער גאַס, ווען ער גייט?
לויט זיין שאָטן אין זון, וואָס אים שטענדיק באַגלייט?

ווי וועגט מען אַ מענטש: לויט זיין פלײשיקער וואָג,
וואָס אָט איז ער דאָ, און אָט טוט אים אַ טראָג
און לאָזט איבער אַלץ, וואָס ער האָט נאָר פאַרמאָגט?

ווי שאַצט מען אַ מענטש: לויט דער גרעב פון זיין טאַש,
וואָס היינט איז עס גאָלד און עס גלאַנצט און עס רעשט
און מאָרגן קען ווערן אַ הייפעלע אַש?

גאָר אַנדערש, מיין פריינד, ווערט געמאָסטן אַ מענטש:
לויט דער גרויס פון זיין האַרץ מיט וואָס ער איז געבענטשט;
לויט זיין אָפענער האַנט, ווען אין נויט איז אַ פריינד,
לויט זיין וואַרעמען בליק, וואָס מיט חברשאַפט שיינט.

ס׳ווערט געוווינגן אַ מענטש מיט איין-איינציקער וואָג:
לויט זיין ערלעכן טאַט אינעם לויף פונעם טאָג,
לויט דעם וואָגיקן תוך פון זיין ערנסטן זאָג.

געוווינגן ער ווערט לויט זיין קלאָרן פאַרשטאַנד,
ווען ער שטעלט אים צו דינסט פאַר זיין פאָלק און זיין לאַנד
און שרעקלאָז אין קריג פאַר גערעכטיקייט שפּאַנט.

אַז ווייל איז צו דעם, וואָס זיין וואָג און זיין מאָס
זיינען לויטער און אָפן, ווי אונטער אַ גלאָז;
ער האַלט ניט זיין וויסן, ווי אונטער אַ שלאָס,
נאָר שענקט עס דער וועלט, ווי די ערד שענקט דאָס גראָז.

ער שענקט און צעטיילט פון זיין האַרץ דעם פאַרמעג
פאַר אַלץ, וואָס איז ליב אונדז און טייער אין וועג —
אַז די ערד זאָל מיט בלוט מער ניט ווערן באַפלעקט
און גרינגער זאָל ווערן די לאַסט פון די טעג...

# ס'דרייט די ראָד זיך...

ס'דרייט די ראָד זיך גיך און גיכער,
באַרג אַרויף און טאָל אַרונטער;
ווי אַווירבל־ווינט, אַ וויכער,
שלעפט דעם וואָגן צו דעם גרונט ער...
ביז די ברעגן אָנגעלאָדן
איז מיט פולווער פול דער וואָגן;
ס'ציטערט אונטער אים דער באָדן
פון דעם אימפּעדיקן יאָגן.
דעמבעס טרייסלען זיך און הויכן,
ווי געטראָפענע פון דונער;
און דער זאַמד, ווי וואָלקן־רויכן,
אַזש בייטאָג פאַרשטעלט די זון ער.
איילן קינד און קייט פון שטיבער:
ווער האָט זיך אַזוי צעהוליעט?
גייט אַ שרעק דאָס לייב אַריבער,
מאַמעס קינדער צו זיך טוליען...
ווער־זשע דרייט און טרייבט די ראָד דאָרט
און די „שטריקלעך" שלעפּט און ציט דאָרט?
ווער אין יאָג געלאָזט האָט „ראָבאָט"
אַזש די ערד די גאַנצע ציטערט?
ערגעץ־ווו ביים ראַנד ביים לעצטן
וואַרט דער אַשמדאַי געדולדיק;
פון געלעכטער ווערט צעזעצט ער—
ניין, ניט ער און דעם איז שולדיק...
העי, שטעל אָפּ די ווייזערס, וועכטער!
זע, די וועלט ביים גיהנום־ראַנד איז;
שטומען זאָל דאָס בייז געלעכטער
פון דעם טייוולס ווילדער באַנדע...!

זאָל פון רוים, פון מילדער זון דאָרט,
שטראָמען ליבשאַפט איבער דעכער;
און אין אויג זאָל לעבנס־ווונדער
שפּיגלען זיך ווי וויין אין בעכער...

# לאַך ניט אָפּ פון מאַמע־לשון...

דער וואָס לאַכט פון מאַמע־לשון
קעגן פאָלק באַגייט אַ זינד;
יידיש ווערט ניט אויסגעלאָשן!
ס'איז דאָך אייגנס, ווי אַ קינד.

אַלע לידער ביי מיין וויגל
און דער מאַמעס יעדע טרער—
האָבן זיך אַריינגעשפּיגלט
אין מיין אויג און מיין געהער.

אין מינוטן פון באַדויער,
אין מינוטן פון געפאַל—
זי באַפעסטיקט מיין געדויער
און מיין האָפענונג צעשטראַלט.

לאַך־זשע ניט פון מאַמע־לשון,
זינדיק ניט מיט בייזע רייד;
ס'האָט אַ פאָלק מיט שווייס געאַקערט
און מיט בלוט זיין שפּראַך פאַרזייט...

אויפגעגאַנגען איז אַ שפע;
אוצרות גאַנצע יעדן דור;
ס'איז דער שייער ברייט צעעפנט—
שעפּ־אָן הויפנס און ניט שפּאָר!

ס'וועט די צייט זי ניט פאַרניכטן,
אירע וואָרצלען דרינגען טיף;
ס'קוואַלט איר זאַפט פון טיפע וואָרצלען,
ווי מיין מאַמעס פערל־בריוו;

ווי מיין טאַטנס בריוו צום שטעטל
פון דער ווייט, אַריבער ים—
פון זיין האָרעווען ביים פרעסל,
פון זיין הייסן שווייסן־טעם;

ווי די בריוולעך פון מיין טאָכטער
ביים אַטלאַנטיקס לאַנגן ברעג —
אותיות — ליכטיק אויסגעקלאָרטע,
ריין און גלאַט און ניט געמעקט.

לאַך־זשע ניט פון מאַמע־לשון ! —
אומפאַרגעבלעך איז די זינד;
יידיש װ׳נאָך ניט אויסעלאָשן,
ס׳איז דאָך אונדזער אייגן קינד.

(יאַנואַר 1984)

# איבערזעצונגען



## צוויי לידער פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע

### 1.

### צערייסט די קייט!

(דאָס ליד, געשריבן אין 1770, איז געווען די „מאַרסעליעזע"
פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציע)

די קנוט אין האַנט פון דעם טיראַן,
די שקלאַפן־קייט, וואָס קלינגט אין לופט —
זיי שרעקן מער ניט אונדזער שפּאַן,
וואָס גייט פאָרויס צום פרייהייט־רוף.

אַנטקעגן אונדזער פאָלקס־אַרמיי;
דער שונא קומט מיט בייזע טריט,
נאָר העכער דונערט אונדזער ליד
און יאָגט דעם שונא — ריי נאָך ריי.

אַ לויב דעם פאָלק, וואָס קעמפט מיט מוט
און רייסט די קייט פון שקלאַפעריי!
אַ לויב דעם דור, וואָס פון זיין בלוט
גייט אויף דאָס לאַנד אויף אייביק פריי!

(פון ענגליש — יאַנואַר 1976)

.2

## די שיסער פון בענינגטאָן

וועֶר דאַרף אייך, רייטער פרעמדע,
מיט הערצער בייז און הארט ?
עס לויערן געפאַרן
אויף אייך אין טאָל און באַרג.
אָ, הערט איר ניט דאָס קנאַלן פון די ביקסן
ווייט אַרום ?
ס'קנאַלן ביקסן העכער, העכער,
ס'פליען קוילן פון די דעכער...

איר קומט אַהער פון ווייטן
ווי זיכערע אין זיג —
נאָר גיכער וועט איר רייטן
געשלאָגענע צוריק.
אָ, זעט איר ניט, ווי אונדזער מחנה שלאָגט זיך
היים אין שלאַכט ?
צי זעט איר ניט, ווי אונדזער יוגנט שלאָגט זיך
טאָג און נאַכט ?
ס'קנאַלן ביקסן העכער, העכער,
ס'פליען קוילן פון די דעכער...

צי פעלן אוים אייך קברים
אויף יענער זייט ים ?
צי מוזט איר קומען פאַלן
אָט דאָ אין קוילן־פלאַם ?
ס'איז אונדז די פרייהייט, ווי דאָס לעבן, טייער —
מאַרש אַרוים !
זאָל פלאַקערן נאָך פלאַמיקער דאָס פייער —
מאַרש פאַרוים !

(פון ענגליש — יאַנואַר 1976)

# ביים וויעטנאַם - מלחמה - מאָנומענט

## פון אַהרן שוואַרץ

...ער האָט דאָס פעלד פון שלאַכט פון ביטערער
פאַרלאָזט;
שטאַרק אומגעדולדיק האָט ער זיך פאַרנומען
מיטן קרום־צעדרייטן וועג
צו היים צו ווייטער.
ער וואַרפט אַ לעצטן בליק איצט אויף צוריק
אויף שלאַכט־ברידער געפאַלענע,
ווי איינגעפראָרענע,
פאַרגליווערטע פון פראָסט...

ווער ווייסט די נעמען זייערע אָט איצט?
אין אויער קלינגען נאָך די „צונעמען",
די אָפיצערסקע ראַנגען.
די נעמען ריכטיקע פאַרבלייבן איינגעקריצט
נאָר אין די הערצער פון אַ קרוב,
אַ געליבטער, צי אַ שול־חבר,
צעשפרייטע איבער שטעט.
ניין, ניט ווי שלאַכטלייט מער
דערמאָנען וועט מען זיי...

געציילטע נעמען בלייבן וועלן ערגעץ
אויף פאַרגעלטע „צעטלען";
אויך ווי „פעלנדיקע",
„פאַרפאַלענע" אין צייטונג־שריפטן
ריי נאָך ריי —
נאָר ניט אויף קברים, צי אין „וואַלטס"
אין הויפּט־שטאָט פונעם לאַנד
אַריינגעשטעלטע...

ער וווּנדערט זיך:
איז וואָס וועט איבערבלייבן אין דער לענג
פון צייט־געלויף?
פערד־רייטנדיקע גענעראַלישע סטאַטועס
מיט פאָנען אין די הענט,
מיט שווערדן־שווינגענדיק
צום הימלדיקן בלוי,
מיט פיס מיט פאָדערשטע פון פערד
געהויבענע אַרויף.

די שלאַכט־פעלדער —
זיי וועלן אפשר נאָך פאַרהיטן בלאַסע צייכנס
פון געשלעג,
אַ נאָמען פון אַ טייך, אַ ריטשקעלע,
פון טאָלן און פון בערג.
זיי וועלן זייער וועג געפינען אויך
אין אַ געשיכטע־בוך,
אַ ביאָגראַפיע פון אַ גענעראַל,
צי אַ סטראַטעג...

אָ, יאָ,
דערמאָנען וועט מען זיי, אַוודאי און געוויס —
נאָר ניט, אָ, יענע שלאַכטלייט די געפאַלענע
אויף זייער פיצל ערד,
צי אין אַ ריטשקעלע אַ פלאַטשיקער...
די לעבעדיק־געבליבענע צעשפרייטן וועלן זיך
אין שטעט און דערפער היימישע
מיט סקווערן, פּאַרקן, מאָנומענטן פון אַ יעדן מין —
נאָר יענע נעמען פון די טויט־געפאַלענע,
זיי וועלן זיך צעשיטן, ווי דער אַש,
צעשליידערטער אין ווינט...

(פון ענגליש)

# צו די קינדער...

פון גאַבריעלאַ מיסטראַל

שפּעטער... ווען ס'וועלן פיל יאָרן אַריבער
און ווערן פון מיר ווער א בערגעלע שטויב —
שפּילט מיטן שטויב זיך, אָ, קינדערלעך ליבע,
מיין האַרץ, מיינע ביינער — מיט הענט טוט אַ הויב!

אויב ס'וועט אין הענט מיך אַ מויערער נעמען
און וועט פון מיר אויסקנעטן ציגל, ווי שטאָל —
וועל איך אין אַ וואַנט ערגעץ ליגן און קלעמען,
ווייל כ'קאָן ניט פאַרטראָגן וואָס ענג איז און שמאָל...

אויב ס'וועט אַ בויער פון העסלעכער תפיסה
אַריינלייגן מיך אין געמויערטער וואַנט —
מיין האַרץ וועט פון קרעכצן מיר ווערן צעריסן
און רויט וועל איך ווערן פון ביטערער שאַנד...

אויב ליגן וועל איך צווישן אַנדערע ציגל
אין ווענט פון אַ פרייליכער קינדערשער שול —
כ'וועל ליידן, ווייל זינגען מיט אייך כ'וועל ניט קאָנען
און ליידיק, פאַריתומט וועט שטיין דאָרט מיין שטול...

בעסער פון אַלץ וואָלט איך, קינדערלעך, וועלן:
דער שטויב אויפן וועג זיין ניט ווייט פון אַ פעלד;
און שפּילן מיט מיר זאָלט איר קיינמאָל פאַרפעלן,
ווען איר וועט פאַרבייגיין אין זון־ליכט צעהעלט;

נעמט מיך אין אייערע הענטעלעך קלאָרע
— געוועזן כ'בין מיט אייך דאָך בייטאָג און ביינאַכט —
און טרעט איבער מיר, ווייל איך האָב אַלע יאָרן
אין שול אייך דעם אמת גענוג ניט געבראַכט...

צי פשוט גאָר: לויפט איבער מיר מיט געזאַנגען,
פאַרהילכט דאָס רחבותדיק פעלד מיט אַ ליד —
קאָנען זאָל איך, צו דעם טאַקט פון די קלאַנגען,
זיך קושן מיט אייערע קינדערשע טריט.

אָ, נעמט מיך, דריקט שטאַרק מיך אין אייערע הויפנס;
פון פרייד כ'וועל אַזש קנאַקן ווי שטרוי וועז עס ברענט,
ווי טרוקענע צווייגן אין היימישן אויוון,
וואָס ווערן פון פריילעכן פייער פאַרלענדט.

איך וועל זיך אַ הייב טאָן, אַ קוק אויף אייך געבן,
און זוכן די אויגן, די כוואַליקע האָר
פון יענע, וואָס איך האָב געלערנט ביים לעבן
צו ירשענען גוטס פון דעם עלטערן דור.

און אויב פון דעם ערדישן שטויב וועט איר קנעטן
פון מיר — אייער לערער — אַן ענלעך בילד —
צעברעכט עס אויף שטיקלעך, איך וויל אייך איצט בעטן,
ווייל איר האָט מיט מיר אַזוי אָפט זיך געשפילט;

און שפילנדיק זיך, אַזוי אָפט מיך צעבראָכן,
צעברעקלט מיין האַרץ מיר מיט צאַרטקייט און ווײ...
נאָר איך האָב אוים ליבשאַפט געמאַכט בלויז אַ ברכה
און ליבע אין אייערע הערצער געזייט.

(פון שפּאַניש)

# אַ בריוו דער מאַמען

פון סערגיי יעסענין

לעבסט נאָך אַלץ, מיין אַלטיטשקע, מיין מאַמע,
איך לעב אויך. אַ גרוס דיר פון דער ווייט;
זאָל זיך גיסן אויף דיין קליינער כאַטע
שיין געלייטערטע פון אָוונט־צייט.

מענטשן זאָגן: פול ביסטו מיט זאָרגן
און נאָך מיר האָסטו פאַרבענקט זיך היים;
אַז אין אַלטן מלבוש אין פרימאָרגנס
אָפט אַליין איבערן וועג דו גייסט.

אַז אין בלויער טונקלקייט פון אָוונט
זעסטו אַלעמאָל דאָס זעלבע בילד:
אין אַ קריג אין קרעטשמע — אומבאַוואָפנט —
מיט אַ מעסער אין מיין האַרץ מען צילט.

רואיק זיי. זאָלסט וויסן, ווייל ביסט קליגער,
דאָס איז נאָר געפּלאַפּלט וויסט און האַרב;
איך בין דאָך נאָך ניט אַזאַ מין שיכור,
כ׳זאָל ניט זען דיך איידער כ׳טו אַ שטאַרב.

כ׳בין, ווי פריער, אַלץ נאָך אַזאַ צאַרטער
און אין חלום אַלץ נאָך אין געהיים —
גיכער, פון דער בענקשאַפט אַ פאַרשמאַכטער,
כ׳זאָל זיך אומקערן צוריק אַהיים.

כ׳וועל זיך אומקערן, ווען אונזער גאָרטן
אויסשפּרייטן וועט זיינע צווייגן פרילינגדיק;
זאָלסט מיר נאָר ניט אויפוועקן פאַרטאָגן
ווי אַמאָל מיט יאָרן אַכט צוריק.

וועק ניט, מאַמע, דאָס וואָס ס'איז פאַרגאַנגען,
דאָס, וואָס ניט געקאָנט האָט ווערן וואָר;
זייער פרי בין איך געווען געפאַנגען
פון פאַרלוסט און מידקייט פון מיין דור.

לע'רן מיך ניט תפילה טאָן. אומזיסט שוין.
ס'איז ניטאָ צום נעכטן מער קיין וועג;
דו אַליין מיין לעבן קאָנסט פאַרזיסן,
ביסט אַליין די שיין פון מיינע טעג.

איז פאַרגעס דעם אומרו דיינעם, מוטער,
איבער מיר פאַרבענק ניט דיינע טעג;
אין דיין אויסגעטראָגענעם שוין פוטער
גיי ניט מער אַרוים דאָרט אויפן וועג.

(פון רוסיש)

# אַ געזאַנג צו די זינגער

פון אהרן קרעמער

כבוד צו די, וועלכע זינגען אין כאָר,
וועמעס נעמען אין ערגעץ ניט ווערן פאַרצייכנט
מיט זייערע פנימער גליקלעך צעשמייכלט.
ווער ווייסט זייער אמתע לעבן-געשיכטע ?
און וועלן זיי ווערן באַזונגען פון דיכטער?

כבוד צו די, וואָס פאַר זייער געזאַנג
זיי זוכן קיין גאָלד ניט, קיין בלומען-בוקעטן,
דאָך יאָגן זיי שטענדיק זיך, ווי אין געוועטן,
וואָס גיכער צום זאַל, מיט צעפלאַם אין די אויגן,
אפילו ווען ביימער אין שטורעם זיך בויגן.

נאָך טעג אין געראַנגל מיט באָס און מאַשין
אין שעפּער פאַרשטיקטע, מיט מידקייט אין גלידער,
— יאָר איין און יאָר אויס אַזוי, אָבער און ווידער—
זיי שלינגען דעם אָוונט-ברויט אייליק אַרונטער
און, ווי צו געליבטע, זיי פליען דערמונטערט.

ווער— פריער, ווער— שפּעטער... נאָר אַלע שוין דאָ,
זיי ווייסן פון פריער שוין זייערע ערטער;
עס טראָגט זיך פון אומעטום שפּאַס און געלעכטער,
ביז ס'טוט זיך אַ הייב איבער קעפּ לערערס האַנט
און שטיל ווערט דער זאַל, ווי אין כישוף-געפאַנג.

פון ליבע און גבורה, פון צאָרן און פּיין,
עס טראָגן זיך קלאַנגען, זיי פאַלן און שטייגן...
ניט מער זיינען הערצער געפּענטעט אין שווייגן,
ניט מער איז דאָס אויג, ווי אין נעפּל פאַרלאָרן —
פון איינצעלנע קלאַנגען אַ ליד ווערט געבאָרן!

פון איינצעלנע ווונדן — איין גרויס געשריי,
פון איינצעלנע קרעכצן — איין מעכטיקער שטורעם,
איין הייליק געבאָט פון פאַראייניקטע טרוימען;
דאָס האַרץ האָט אויף אייביק דעם פּחד פאַרלאָרן...
אומזיסט רוישט דער ווינט — אַ געזאַנג ווערט געבאָרן!

איצט ווייסן שוין קינדער: פאַרוואָס שפּעט אין אָוונט
עס קומען טאַטע־מאַמע צוריק אַהיים שלאָפן:
זיי שלייפן און פוצן די הערלעכע לידער
— צוזאַמען מיט אַנדערע שוועסטער און ברידער—
זיי זיינען פון פאָלקס־ליד די וואַכזאַמע היטער...

...דער פאָרהאַנג—פאַרשאַרט און אין פראַכטפולער גלאַנץ
עס שיינען געזיכטער אין ליכט פון דער בינע
און פול ווערט דער זאַל מיטן סוד פון נגינה...
כבוד און ליוב אייך, אָ, זינגער פון כאָר,
כבוד און ליוב אייער הערלעכן דור!

(פריי איבערזעצט פון ענגליש)

# מיין היימלאַנד

## פון לואיס עלען

וואָס מיינט אַמעריקע צו מיר?
אַ נאָמען אַ ליבער און אַ פאָן,
דאָס גרויסע וואָרט „דעמאָקראַסי";
וואָס מיינט אַמעריקע צו מיר?

די וואַרעמע באַגריסונג,
דער ליבער דרוק פון האַנט;
די פרייע לופט געניסן —
דאָס איז אַמעריקע מיין לאַנד!

דאָס הויז, דער גאָרטן,
די פריינד פון אומעטום;
די מענטשן דאָ און דאָרטן,
די שכנים פון אַרום;

די ווערטער פון אייב לינקאָלן,
פון דזשעפערסאָן און פעין,
פון וואַשינגטאָן און דזשעקסאָן
און ווייער קלאָרער מיין.

דער אַרבעטער און פויער,
מאַטראָסן אויפן ים,
און פון דעם לאַנד די בויער—
דאָס איז אַמעריקע, מיין שטאַם!

דאָס בריקעלע פון קאָנקאָרד,
דער ערשטער פרייהייט־שפאַן;
און געטיסבורג און מידוועי,
די שלאַכטן פון באַטאַן;

מיין אָרט פון אַרבעט,
דער חבר ביי מיין זייט;
די שטאָט, וואָס מיינע ברידער
מיט שווייס האָבן באַנייט.

דאָס הויז, די שכנים:
אי ווייס, אי שוואַרץ, און געל;
סיי די, וואָס זיינען לאַנג דאָ,
סיי די, וואָס אויפן שוועל.

דאָס לאַנד וואָס אויסגעחלומט
האָט העלן פרייהייט-טרוים
און שטראַלנדיקן מאָרגן —
דאָס איז אַמעריקע מיין היים!

(פון ענגליש)

It will never grow dim in the future,
It will grow but abundantly more,
It will always your wanderings follow
To the farthest and unknown shore.

So take these verses of love
And read them when your birthdays arrive,
Perhaps they'll encourage your strivings
And keep your bright hopes alive.

1979 *Original in English*

## ***ON YOUR TENTH BIRTHDAY***

*(To My Grandson, Neil)*

We have traveled from the coast of the Pacific
To celebrate the day of your birth
With Mother, and Dad, and friends together
On this quiet corner of Earth.

We flew as fast as the plane was able
Looking down on the clouds from above;
We had with us luggage aplenty
But in our hearts all we carried was love.

Our love could not fit in the baggage,
So heavenly, gloriously great;
Only our hearts are large enough for it
For its infinite size and weight.

You may laugh at your *Zeide's* poem,
It may sound so simple and plain,
But so is the song of the storm
And so is the bubbling of rain.

So take it the way it was written,
The way it was joyfully born;
Let all the good sentiments in it
Forever so warmly burn.

Let every spark of it that is glowing
Be part of our heartiest gift,
And whenever a cloud passes over
Our love shall your courage uplift.

Not for themselves, their skin and bones alone,
but for the spark in man refined by fire:
that never might its radiance be gone,
its song forever solace and inspire,
until it burns the sorrow from the bone.

One wish I nurture, children, in my heart:
however far you're destined to be driven,
however grim the skies, however dark,
remember: for each boat there waits a haven,
through each night waits a sunbeam and a lark.

*(Trans. A.K.)*

## *AT THE THRESHOLD OF THE NEW YEAR*

Time rips the days from each year's calendar
as winds rip leaves in autumn's angry time.
And at the verge of each approaching year
the heart goes one step higher in its climb
as if to glimpse at what will next year appear.

I'd like to autopsy the future, know
what secrets in her womb are growing ripe:
will she put out the gnawing fire of woe
that wanders on the crooked ways of life
with dread of danger — arm in arm they go.

I pick the days up that were plucked away
and calculate their minuses, their plusses;
too often overhead a cloud of gray
shrouded the sun with grim heart-wrenching losses,
and all night long I thought the thoughts of day.

Again I reckon — stubborn and precise —
when lo! a multitude of dawns draws near;
and such a blueness blazes in the skies!
as if it's burning with desire to bear
the brunt of all the blizzards that may rise.

I recognize the unextinguished glow
which my own fathers and their fathers started
when peril faced them centuries ago;
they rose up from the depths and, lion-hearted,
leaped into battle with a savage foe...

Like the words we used to get
from our dad across the sea—
words of dress-shop drudgery,
words that tasted of hot sweat;

like a message from my child
winging from the far Atlantic—
every character clear-handed
in a pure and graceful style.

Mocking Yiddish with a smile
is a sin beyond forgiving.
For our mother tongue is living:
it's our very own, our child.

1984 *(Trans. A. K.)*

## *DO NOT MOCK YOUR MOTHER TONGUE*

He who mocks his mother tongue
sins against his race; our language
is alive, nor shall it vanish.
It's our own, like our own young.

All my mother sang at night,
every teardrop that she shed,
rooted in my heart and head
through my hearing and my sight.

In my moments of regretting,
in my moments of despair,
Yiddish teaches me to bear,
keeps my sun of hope from setting.

Don't you mock it, don't throw mud!
Of your mother tongue be proud:
with their sweat a people plowed
and they sowed it with their blood...

Such a reaping—full and fair!
Every age brought forth its treasure:
wide the barn-door—beyond measure,
harvests heaped—no need to spare!

Time won't kill it; it grows better;
deep the lovely roots are driving;
from deep roots the sap is rising
like my mother's pearl-bright letters;

I know where their beloved bones now lie:
in a green field with fellow Jews nearby;—
by night—the dews compassionately cry;
by day—there blazes such a spacious sky!

1984 *(Trans. A. K.)*

I lost her—lost the eldest of the four;
the youngest sister too was mine no more,—
although for her the heavens blued most bright,
and plenty graced each corner of her life;

but fate struck, her wealth did her no good;
death poisoned, drop by drop, that sister's blood;
*"Mizinkele"* had also passed away:
a third grave's standing there and turning gray...

because the second-born was soonest gone,
my closest both in years and childhood fun;
she was the one, with hands like wings outspread,
who without warning suddenly fell dead...

O sisters, you went home to mother-earth
after long wrangling between grief and mirth;
and I—still missing you these many years,
must strive with all my strength to keep from tears...

I have but one left of the four that were,
and four times dearer is my love for her;
with all the force my heart is master of,
I cherish and let nothing harm my love.

My sisters in their first bloom reappear:
I see them struggling for a crumb of cheer.
A craving burns forever in my veins
and how to quench it is beyond my means.

One consolation warms my hours, and softens
the grief that harrows me for what I've lost:
not one of them met death in Hitler's ovens,
the boot of an assassin on her breast.

...But fluttering like doves their letters spanned
broad waters to the legendary land:
in deep-scarred childish hearts a yearning grew
to see the father that they scarcely knew.

It was a winter night of snow and frost
that on a sudden tore them from their nest;
no comrade but the wind strode at their side
across the crashing oceanic tide.

...The new earth, unfamiliar, hard as stone;
and father, too, seemed like a man unknown...
And in the shop, each for a piddling wage
let her young limbs be locked as in a cage.

Time has no eyes—its billows roll and roar
until somewhere they happen on a shore:
two sisters woke to daybreaks of bright rays;
two sisters lived through cloud-tormented days.

Except for one, life blessed the sisters three
with a full harvest, a proud progeny;
their eldest sister wove her lonely griefs
night after night like nettles into wreathes,

and tolled her years...yet never did she tell,
from first to last, the sum she knew too well;
no one to share the yearnings that she knew,
she lost the *mazel-tovs* that were her due.

## *FOUR SISTERS*

For my appealing, modest sisters four
brought up along Berezina's green shore
I thank you, mother, that in pain and tears
you gave such treasure to enrich my years.

I witnessed all their blossoming, as gay
as cherry-trees when orchards burst with May;
each dawn awoke with eagerness to greet
the lilt of their exuberant young feet.

The eldest sister raised the middle-born,
who raised the next, and so on, each in turn;
and all of them, as if with rose-buds, wove
a mother-crown adorned with praise and love.

She set her poor crumbs out in equal shares
as one divides his riches among heirs;
and just as flame is used for smelting steel,
so through our loves the blighted time was healed.

The eldest, from her girlhood years, was wed
forever to the needle and the thread;
the other three, the sisters who came after,
greeted the spring with schoolbooks, songs, and laughter.

One thought: soon, soon a bright new sky will spread
its miracle of blueness overhead;
no more will hunger tear them from their sleep;
joy will arrive, and their young hearts will leap...

The road was long
And sometimes full of pain.
Often a foreboding cloud
Craved to swallow up the sun;
But never did the watchword's flame
Go out.
The thorn kept smoldering
Amidst the desert bushes.

I'm still astonished
By the wonder of Creation,
By the way the generations
Flow into each other.
Yes, I gape and marvel
At the cosmic miracle,
But also at the tiniest mite
That has a place at nature's table.

So I wove the rhythm of my heart
Into my song.
It is open wide,
Like a scroll unrolled.
And at my eightieth,
My eyes still fixed upon tomorrow,
Each day is one small step
Toward the longed-for goals.

1983 *(Trans. M. R.)*

## *ON MY EIGHTIETH*

Did I—of my own free will—
Choose to be born
On that cold and wintry day?
Like every tree on earth
That gives the world its fruits,
Time also granted me the gift
Of living and of loving.

All unawares,
I received the proferred bounty,
Then stubbornly
Held on to it with tooth and nail.
Sometimes a stumbling-block
Stood malevolently in my way,
But I never did exchange
That gift of love and life for hate.

Miraculously,
From somewhere deep inside me,
A fervent stream welled and bubbled
In the winged sun;
A melody
Somehow hummed and echoed there
As if it had already sealed
My lifelong destiny.

Thus I've traveled through
My four-score years,
The prisoner of a sanguine exaltation;
Shackled to my generation,
Together, side-by-side,
Saddled with the noblest aspirations.

No, I'd rather not erase the bygone days.
An everlasting treasure
Still lies hidden there.
With them my path today is easier,
A strong support in case I fall,
A bulwark of defense
Against adversity and despair

Stay with me, my beloved treasure!
Do not let yourself be spirited away.
I spread the wings of my undying faith
Against the morrow,
With all its sundrenched charms,
And let the breezes
Scatter all my sorrows.

1981 *(Trans. M. R.)*

## *MY TREASURE: MY MEMORY*

I'd rather not erase the bygone days.
They are eternally engraved
Upon my memory.
I carry them like precious gear.
I've never lost them on the way,
In darkness or in light,
In happiness or mortal fear.

Uproot them? I neither can nor wish to.
A rainbow-colored treasure-trove
Lies hidden deep inside them:
My innocent childhood days,
The river and the mill,
The crowded *cheder* and my evanescent cares,
My mother's eyes, overcast with toil.

My yesterdays
Recall my youthful bloom,
The miracle
Of my first poetic line,
The radiant promise of a passionate song.
My blood still tingles with the images
I've guarded from that boyish time.

In them slumbers—warms me still—
The wondrous glowing
Of awakened love.
The restless nights, starry and ashine.
Young desire nurtured
In the tender midnight hours
By a heavenly wine.

The walls of my house I bring down with a roar
And into the sky I seem to soar.

Over rooftops and trees I seem to fly
Higher and higher straight into the sky.

No longer in the blueness above do I hear
Threats and harsh words that come from the rear.

Gone is the pain of the flogging knout,
Gone is the anger that was around and about,

Hunger no longer tortures my life, I say with pride,
A zephyr carressed me, all's taken in stride.

My sorrow is gone, the warmth is lavish;
Oh, I don't ever want the world to vanish.

Forgotten will be all suffering and pain;
The world will be peaceful, sound, and sane.

I'm only a child, but this is "my year!"
Grow and flourish my peers from far and near!

1979 *(Trans. L. L.)*

## THE SONG OF THE CHILD

*(Dedicated to the International Year of the Child)*

I'm still a child today, this is "my year;"
It's for me that the rays of sunshine appear.

Tomorrow, all the world to me belongs:
The fields' harvest, the birds' songs,

The fruit of labor in the cities and mines,
The ships in the ocean, the planes in the skies.

All that is so rich and blessed
That creative genius man has amassed.

I'm still a child with a pink soft skin;
Don't prepare death for me and my kin.

I'm a blade of grass, the sign of Spring
To grow and mature; that's the main thing.

With hardness of granite, and softness of brooks,
And into deep waters to dig in my roots,

And laugh at the storm, its lightning and thunder;
I'll find safety in its shadow there yonder.

I'm still very small, but great are my dreams,
I don't want the world to burst at its seams.

Out of my corner, it is no longer a daze,
My heart throbs when, at the world I gaze,

## *TWO ROADWAYS*

Two roadways lie open: the first is not wide,
and darkness leans in on the path from each side;

it's chosen by people with eyes never lifted,
tied up in the anguish of wounds self-inflicted.

Remote and untraveled, it stretches ahead;
to life's empty outskirts the wanderer's led.

The second's for people: a spacious, broad path
sown well by humanity's sweet, dewy breath.

On that road, like heroes, march those who behold
through night's thickest cover the bright morning gold;

they fling themselves forward with eyes full of morning,
and don't care a fig for the autumn-wind's warning...

*(Trans. A. K.)*

May the horizon never
be robbed of your bright rays—
and may your charms forever
be sung with love and praise.

*(Trans. A. K.)*

## *I PRAISE YOU, YIDDISH WORD*

Dear word, to you we owe
our praise in verse and song.
No matter where we go,
your strength will make us strong.
You are the pure tears of our happiness and woe.
In all our yearnings you have always come along.

From childhood's tranquil dream
until this stormy hour,
our eyes have met your gleam
and drunk its wholesome power.
Whenever rage and pain besieged us, you became
our musket in the trench, our cannon at the tower.

In deepest deeps—with you!
With you—toward heaven and higher!
Your cry, so brave, so true,
took us through smoke and fire.
On every path before us may you sound anew
the flaming call for peace, which is our first desire!

And for as long as I'm
permitted to go forth
with others of my time
upon our mother Earth—
may you bring life's best juice into my every rhyme!
make me march firmly, as a man who knows his worth.

## *SEVENTY SPRINGS*

Seventy winters, and seventy springs:
my years are like rings in a tree, golden rings;
I left you behind me a long time ago
on roads disappearing in gloom and in glow.

I welcome you now, honored guests, to my feast:
life's bounty, which year after year has increased;
and if, on this birthday, I shed a few tears,
it is for your loyalty, steady and fierce.

I count you, as men of great wealth count their hoard;
but never have I been a miserly lord;
the more I would give of you, morning and night,
the stronger my song was, the surer its flight.

You're able to look in my eyes without shame:
unslackened beside you my song always came.
You haven't returned to a poet estranged—
you find him still marching; his road has not changed.

With songs welling up from my heart I will pay
for all that life offers, the gift of each day;
I'll twine you more tenderly, weave in my dream
your gold of October and April's fresh gleam...

O, seventy Aprils—I've guarded in rhyme
your brightness, that life has allowed to be mine.
My rest will be sweet, if tomorrow's young choir
gives voice to my vision, my stanzas of fire...

1973 *(Trans. A. K.)*

## *OUR MOTHER'S TAKING LEAVE OF US*

Our mother's packing up now; without fuss
she's setting forth, she's taking leave of us...
With her full ninety years she wends her way,
with all her good deeds and her head of gray.

To welcome her a winter snow is driven:
a white prize from the treasury of heaven.
It turns the road, with all its dark stains, white
in order that her journey may be bright...

The wind steps forth—he's suddenly grown mild
and sings a lullaby, as to a child;
and down come little angels through the air
to bless her clever head, to stroke her hair;
with delicately woven wreaths of snow
they rock asleep her very slightest woe...

Her eyes grow soft; their flame begins to fail;
a touch of loneliness has turned her pale;
around her lips a thin smile seems to play
as if there's one thing more she'd like to say...

She's slowly leaving; soon she will be gone;
and deep in snow her road runs on and on;
and loaded down with all her years of care
mother will be a guest of honor there...

Just look! How high the head that used to bow!
And what a glow her eyes are filled with now...
Our mother disappears in a gray mist
and the bereaved wind lulls her to her rest....

*(Trans. A. K.)*

## *DROPS*

**D**rops they seem to you, that's all,
but how heavily they fall—
quick and hard as stones, too often;
and, at times, like flowers they soften.

A drop of pain that's dagger-sharp
and leaves a deep hole in the heart;
a word that's harsh, that you regret,
that all your life you won't forget.

A drop of pleasure craved for years
that comes and quickly disappears:
an infant's laugh, a mother's moan,
a burning wish that's overthrown...

How many bright drops, golden drops—
Your heart pays, and it never stops...

*(Trans. A. K.)*

straight into tomorrow—whatever it bring...
as good as his Maker, a partner at last,
God's sentence reversed—he is praised, he is blessed...

Now, pondering, stunned and astounded he stands,
becrowned by the works of his brain and his hands:
the glorious earth, will he doom it to bear
an endless succession of blight and despair,
or wisely and bravely, with resolute toil,
caress it and coax into flower this soil...?

The blessing—so sweet—may it endlessly ring;
and under man's foot may the earth ever sing.

*(Trans. A. K.)*

## *IN ONE DAY*

In one day the Maker created a man,
and cursed him and blessed him and thus it began:
"Your bread will be soaked in the sweat of your face
till Death in his mercy awards you release..."

He carried his burden for thousands of years,
he suffered its weight with a hate that grew fierce;
his back buckling under, his footstep unfree,
restrained in the yoke of his Maker's decree.

But as he trod hard on the glorious ground,
his mind began turning these matters around...
and, thinking more deeply, in wonder he gaped
at all he himself had created and shaped:
his bread from the earth and his wine from the vine,
the flame that he cooked with, that made his walls shine,
the sheltering garments that covered his skin
and kept the foul weather from getting at him...
with singing and dancing, on stone and on scroll
with pen in his hand he unfolded his soul.

He rivalled the birds in the realms of the air,
surpassing what only in dreams he had dared—
he stood on the moon—left his print on its sand...
What more? Are there distances yet to be spanned...?

Mankind, whom his Maker had hated and cursed,
became, through his burden, far more than at first;
earth's powers he fused, like a second Creator,
and made their old greatness ten thousand times greater;
with this in his confident grasp, he takes wing

The great whale lost his empery, when you,
like a conquistador
seized the last ocean's floor;
there too
you have become the lord, the emperor,
and swept whatever barrier aside
in your atomic stride...

What's left that has not yielded to your strength?
With what great good
have you not yet been blessed?
May Truth start singing in your breast;
may you at length
walk as a person should,

and, like a person, from your fellow man
take not one precious drop of his delight;
May you upraise yourself from height to height
—never again
to crawl alone out of the light
back to your beastly den...

*(Trans. A. K.)*

## *LEARN TO TREAD THE EARTH LIKE A PERSON*

**O**h, Man,
you've worked such wonders since half-dazed
you crept out of your den
and woods,
ripped off your beastly hide and with much effort raised
your body to—"the likeness of the Gods!"

You gazed in wonder
at the far lamps of night;
with envy you observed the eagle's flight;
in dreams you reached the moon—but you remained
earthbound,
as if your knees were chained
forever to the ground.

You gaped, astonished, at the roaring oceans,
the fish
that glides about with graceful motions...
As heaven welcomes wings,
so is his world as wide as one could wish,
and full of glowing, undiscovered things.

And now?—
You've held the moon herself in hot embrace
and boldly kissed her silver face;
the eagle has resigned
his regions, like a gift;
the deer pants enviously behind,
you run so swift

## *YOU ARGUE*

You argue: Why books in the doomed Yiddish tongue?
Do children today, or will grandchildren read them?
It strikes me you gladly would strangle each song
Like birds without use, when we'd rather not feed them.

You argue and argue—it's Yiddish you use!
And still the old mother tongue laughs as I hear it:
"I've heard it already; it's no longer news—
I burn and I blaze, with unslackening spirit;

"And if, in a nook somewhere, tens of years later,
one finger—at night, in an hour of rest—
turns over the pages—then you, their creator,
are blessed for your labors, are honored and blessed..."

Dear mother-tongue mine, like the love of a mother
you soothe my unrest in the press of the day;
so many Octobers will follow each other,
and still I'll salute you at morning's first ray.

*(Trans. A. K.)*

It's not just himself that he sings in his rhymes,
But also his country, his people, his times;
Forged into the song are his being, his marrow,
His past, his today, and his shining tomorrow...

*(Trans A. K.)*

## *D' YOU THINK...*

**D**'you think that a word is a fluttering mote
that moves through the air with such grace—
now downward he'll flutter, now upward he'll float,
now into the garbage can, leaving no trace?

D'you think that a word is a lost grain of sand,
that wanders about on the floor?
a shoe-string, a button, its life at an end,
respected no longer, and useful no more?

D'you think that a poem's a cloud, soft as wool,
that rolls itself over the blue
until the winds' fingers ferociously pull
and tear it to shreds, and it carries no dew?

D'you think that a poem is blent by the poet
with water, constructed of pulp and of peelings?
no heaven above it, and no earth below it,
no quivering flesh and no blood and no feelings?

Of words it is forged, and of words finely ground;
in words, understand, there's a pulsing red stream—
cut into a vein—and the blood rushes down,
cut into a word—how the blood of it gleams!

The heart of the poet is locked in his poem;
it's there that his anguish, his joy are concealed;
at moments of yearning, give ear and you'll know him—
whatever takes hold of his heart, you can feel.

May joy and prosperity triumph
As far as the eye can see,
And all shall behold in amazement
How fertile the old soil can be.

Not with the last barrel of powder
(Another can always be found)
But with the bright dawning of Peacetime
May war be blown up in the end.

May smile, as in springtime,
Be kinder and more open than ever before.
May the salvo that ushers in peacetime
Be the sign of an end to all war!

*(Trans. unk.)*

